## זשול ווערן

# אין דער
# הימלישער אימפעריע

ראָמאַן

יידיש: פ. גאָלדשטיין




פארלאג א. גיטלין, ווארשע.




# אַ פילאָזאָפישער שמועס.

מען מוז מודה זיין, אַז דאָס לעבן האָט אויך זיינע גוטע זייטן!״—האָט עמעץ פון די געסט געזאָגט און בעת מעשה זיך אָנגעשפאַרט מיט דער האַנד אָן דער שטול, קייענדיק אַ פאַר־צוקערט וואָרצעלע.

„אָבער עס האָט דאָך אויך זיינע שלעכטע זייטן!״—האָט אַ צווייטער באַמערקט מיט אַ הוסטל: ער האָט געהאַלטן אין מויל דאָס ביינדעלע פון אַ פלוספעדערל און האָט זיך שיער נישטדער־וואָרגן דערמיט.

„אָמיר זיין פילאָזאָפן, מיינע ליבע״... — האָט אַ דריטער געזאָגט מיט אַ פאָר גרויסע שפאַקולן אויף דער נאָז. — „אָט, אַ שטייגער, קען מען זיך דערוערגן מיט אַ ביינדעלע, וואָס בלייבט שטיין אין האַלדז, און אָט, ווידער, קען מען זיך מחיה זיין מיט דערדאָזיקער גן-עדנדיקער משקה... און דאָס אַלץ, מיינע ליבע, איז לעבן!..״

אַ פערטער האָט זיך אָנגערופן:

„און ביי מיר הייסט געלעבט נאָר דעמאָלט, ווען מען טוט גאָרנישט און מען דאַרף גאָרנישט טאָן... אָט דאָס הייסט לעבן!"
האָט זיך אַריינגעמישט אַ פינפטער:

„איר זענט אייך טועה, זענט מוחל. דעם מענטשנס גליק געפינט זיך בלויז אין אַרבעט און וויסן. אַ סך ידיעות – אַ סך גליק! עס איז קלאָר, ווי דער טאָג."

„יאָ, אַ סך ידיעות, דאָס הייסט אַז מען זאָל קומען צו דעם טרויעריקן סך־הכל, אַז מען ווייס גאָרנישט..."

„אָבער דאָס איז דאָך דער אָנהייב פון חכמה?"

„און וואָס איז דער סוף?"

„די חכמה האָט נישט קיין סוף!" – האָט דער מענטש מיט די שפּאַקולן באַמערקט. – דעם העכסטן תענוג אויף דער וועלט באַקומט מען פון חכמה. דאָס מעגט איר געדענקען."

דעמאָלט האָט דער ערשטער גאַסט אַ פרעג געטאָן דעם באַלעבאָס: ווי, אַ שטייגער, קוקט ער אויף דעמדאָזיקן ענין? דער באַלעבאָס, וואָס איז געזעסן אויפן סאַמע חשובן אָרט, דאָס הייסט אויף דעם ערגסטן, ווייל אַזוי פאָדערט די טראַדיציע פון העפלעכקייט, האָט זיך קאַלט און שלעפעריק צוגעהערט צו דעם אַלגעמיינעם שמועס, און אויף דער פראַגע פונם ערשטן גאַסט האָט ער בלויז געענטפערט:

„הם..."

דאָס איז דער אויסדרוק פון קאַלטע גלייכגילטיקע מענטשן. ער מיינט אַ סך, אַלץ, און מיינט, נאַטירלעך, גאָרנישט. דערדאָזיקער אויסדרוק געפינט זיך אין אַלע שפּראַכן און לשונות און ביי אַלע אומות פון דער וועלט, און ס'איז קיינמאָל נישט נייטיק אים איבערצוזעצן...

די פינף געסט האָבן פאַרוואָרפן דעם באַלעבאָס מיט צענד-

ליקער פראַגן און דער גלייכגילטיקער באַלעבאָס, וואָס האָט מכבד געווען זיינע געסט מיט כּל-טוב, האָט קוים מיט צרות גע-ענטפערט, אַז אין לעבן איז נישטאָ—נישט קיין גוטס און נישט קיין שלעכטס. ס׳איז בכלל אַ גאַנץ לאַנגווייליק שפּיל דאָס לעבן און כאַפּן התפעלות דערפון, איז זיכער נישטאָ, וואָס.

„נו, קען אַזוי רעדן אַ מענטש, וואָס דאָס לעבן האָט אים תּמיד געשמייכלט?"

„און ער איז דאָך אַזוי יונג?"

„יונג און געזונט!"

„געזונט און רייך!"

„זייער רייך!"

„נאָכמער, ווי זייער רייך!"

„זיין עשירות איז נישט צו שאַצן!"

די געסט האָבן געוואָרפן בליציקע ווערטלעך, ווי קליי-ניטשקע ראַקעטן אין דער באַלעבאָס איז געזעסן קאַלט, ווי אייז. דער מענטש האָט אַפילו צומאָל נישט געשמייכלט. פון צייט צו צייט האָט ער בלויז אַ צי געטאָן מיט אַן אַקסעל. ווי איינער זאָגט: וואָס ווילן זיי פון מיר?

אַ חידוש איז עס דאָך געווען, דער מענטש, וואָס דהאָט אויפגענומען די געסט, איז געווען יונג, געזונט און רייך. ער איז אויך געווען קלוג און אַנטוויקלט. ער האָט געקענט האַלטן אַן ערנסט בוך אין דער האַנט, ער האָט זיך פאַרשטאַנען אויף מענטשן און אויפן לעבן, און מען האָט זיך שטאַרק גערעכנט מיט אים אין זיין סביבה. און עס פרעגט זיך דעריבער: פאַר-וואָס איז אָט דער מענטש נישט געווען גליקלעך? וואָס דהאָט אים געפעלט? פאַרוואָס איז ער געווען אַזוי קאַלט און גלייכ-גילטיק?

דער פילאָזאָף מיט די גרויסע שפּאַקולן אויף דער נאָז האָט פּלוצלונג געזאָגט:

„מיין פריינט, אויב דו ביזט דאָך אומגליקלעך, איז עס בלויז דערפאַר, ווייל דיין גאַנצער גלאַנץ און רום זענען, אַזוי צו זאָגן, צו פעט, און צו לייכט האָסטו זיי דערוואָרבן... וועגן גליק קען מען אויך זאָגן דאָס אייגענע, וואָס מען זאָגט געוויינלעך וועגן געזונט. ווייל מען פילן דעם אמתן טעם פון געזונט, מוז מען פריער זיין אַ ביסעלע קראַנק... דו ביזט אָבער קיינמאָל נישט געווען קראַנק. איך מיין, אייגנטלעך: דו ביזט קיינמאָל נישט געווען אַ ביסעלע אומגליקלעך... און דאָס איז דער איינציקער פעלער פון דיין לעבן. כדי צו זיין באמת גליקלעך, מוז מען זיין אַ ביסעלע אומגליקלעך...“

און דער פילאָזאָף מיט די גרויסע שפּאַקולן אויף דער נאָז האָט אויפגעהויבן זיין באָקאַל, אין וועלכן עס האָט געשפּילט די גאָלדענע שאַמפּאַניער־פליסיקייט, און האָט צוגעגעבן:

„איך ווינטש אונדזער ליבן באַלעבאָס, אַז זיין זון זאָל זיך אַ ביסעלע פאַרשטעקן הינטער וואָלקנס און אַ גרויער הימל זאָל פאַלן אויף זיין קאָפּ. איך ווינטש אים אַ ביסעלע צער און בויז...“

דער באַלעבאָס האָט אויך אויף דעם נישט רעאַגירט. זיין פּנים האָט אויסגעדריקט אַפּאַטיע און שלעפעריקייט.

די געסט האָבן געטרונקען זייער שאַמפּאַניער...

ווו, אין וואָספער אָרט איז פאָרגעקומען דערדאָזיקער שמועס? אין פּאַריז? אין לאָנדאָן? אין ווין? אָדער אפשר גאָר אין וואַרשע? אין אייראָפּע? אין אַמעריקע? און וואָס זענען עס געווען פאַר אַ מענטשן, וואָס האָבן באַרירט אַזוינע אויס-

טערלישע פראַגן בײַ אַ פולן טיש מיט כּיבוד, בײַ דער פרײַ-לעכער שפּילנדיקער שאַמפּאַניער-פּליסיקייט? איינס איז זיכער: דאָס זענען נישט געווען קיין פּראָנצויזן, מחמת זיי האָבן נישט געשמועסט פון פּאָליטיק...

די געסט זענען געזעסן אין אַ רייכן, פיין אויסגעפּוצטן סאַלאָן. דורכן געפלעכט פון בלויע און געלע שויבן האָבן זיך אַרײַנגעריסן די לעצטע שטראַלן פון די זון. די פייערלעך פון קליינע, קאָלירטע לאַמטערנערס האָבן ווייך באַגלייט דעם גוססן טאָג. דורך די אָפענע לופטשיקעס האָט אַ שטיל ווינ-טעלע געגלעט די צאַרטע בלעטלעך פון רויזן. געשניצטע חיות און עופות זענען געשטאַנען פאַרגליווערט אויפן סופיט...

די ווענט זענען געווען באַדעקט מיט זיידענע טעפּיכער און פון זיי, האָבן ווי קליינע בלויע גלאַטע טייכעלעך, אַרויס-געקוקט געשליפטע שפּיגלען.

פון סופיט זענען אַראָפּגעהאָנגען צוויי גרויסע פאַרביקע פליגלען, וואָס האָבן זיך ווייך באַוועגט און כּסדר געקילט די לופט...

די געסט זענען געזעסן בײַ אַ גלאַט פּאָלירטן טיש, ווי אַ שפּיגל. יעדער איינער פון די געסט האָט געזען זײַן גע-זיכט דערויף.

קליינע סאַלפעטקעלעך, באַצויגן מיט שורהלעך פון פּסוקים און סתם קלוגע ווערטלעך, זענען געלעגן אין שכנות מיט די הויכע שמאָלע באָקאַלן...

באַדינט האָבן יונגע שיינע מיידלעך. אין זייערע שוואַרצע האָר האָבן געשטעקט צאַרטע ליליען און כריזאַנטעמען און אויף די הענט האָבן שטיל געקלונגען דין געפלאָכטענע קייטעלעך פון גאָלדענע בראַסלעטלעך.

די מיידלעך האָבן יעדעס מאָל געשמייכלט מיט קליינע בלישטשעדיקע ציין. דערלאַנגט האָבן זיי מיט איין האַנט. אין דער צווייטער האָט געשפּילט אַ פיין פעכערל...

עס איז געווען אַ טיש פון זעלטענע מאכלים.

מען האָט געגעסן פאַרצוקערטע טשאַסטקעלעך, קאַוויאַר, געטריקנטע פּירות און אויסטערן פון נין-פּאָ. שפּעטער אַ ביסל האָבן די מיידלעך מיט די פעכערלעך דערלאַנגט צום טיש פיינקוכנס פון קאַטשקע-אייער און טויבן-אייער, נעסטן פון שוועלבעלעך, געצוקערטן סאָוס פון וואַלפיש-געהירן, בייכעלעך פון קרעבסן, מעגנדלעך פון ווערבייטשיקעס, אויגן פון שעפּסן, אָנגעפּילט מיט קנאָבל, באַמבוקווארצעלעך אין זאַפט, געצוקערטן סאַלאַט, סינגאַפּורישע אַנאַנאַסן, מאַנגאָ-יאַגדעס, געזאַלצענע מאַנדלען און טשילימיסן.

צולעצט זענען דערלאַנגט געוואָרן פאַרצוקערטע פּאָמע-ראַנצן פון קאַנטאָן, ביר, שאַמפּאַניער און וויין פון שאַנ-שין...

די געסט האָבן זיך געלאָזט ווילגיין. מען האָט געגעסן פּאַמעליע, מיט לאַנגע צערעמאָניעס, מיט גרויס ישוב-הדעת, מיט שטילע באַוועגונגען...

אין די הפסקות האָט געשפּילט מוזיק, יונגע רייצנדיקע מיידלעך האָבן געזונגען. און מען האָט נישט געוווּסט, וואָס ס'איז בעסער: צו הערן זייער זינגען, צו קוקן אויף זייערע שיינע פאָרמען.

די מוזיקאַנטן האָבן געשפּילט „דעם בוקעט פון צען בלומען.‟ עס איז געווען אַנגענעם. צוזאַמען מיט די קלאַנגען האָט זיך געגאָסן עפּעס אַ מחיהדיקע רחבות פון די ווענט, פון די בלומען, פון די שיינע רייצנדיקע יונגפרויען.

צולעצט האָבן די מיידלעך געבראַכט קליינע סאלפעט־קעלעך, דורכגענעצט מיט וואַרעם וואַסער. דערמיט האָט מען זיך באַדאַרפט אויסווישן דאָס פּנים. עס האָט געהייסן, אַז מען דאַרף זיך אויפהייבן פון דעמדאָזיקן טיש און איבערגיין צו אַן אַנדער טיש.

דאָרט, אויפן צווייטן טיש, האָט יעדער איינער געפונען אַ קליין פאַרפאָרשעלכל טיי... דאָס איז געווען זעלטענער בשמימדיקער טיי, וואָס מען קריגט אים נישט אויף דער גאַנ־צער וועלט און וואָס אפילו מלכים טרינקען אים זעלטן.

די צאַרטע בלעטלעך פון דעמדאָזיקן טיי ווערן געריסן מיט די הענטלעך פון קליינע קינדער אין הענטשיקעס. און מען רייסט זיי אין מערץ, ביי דער ערשטער בליונג פונם טייבוים, און דערמיט טויט מען אים אָפּ... מען זשאַלעוועט נישט דעם בוים, און מיט די עטלעכע בלעטלעך, וואָס מען פליקט אים אַראָפּ, ציט מען אים אַרויס זיין חיות...

אַן אייראָפּייער וואָלט אַריינגעפאַלן אין גרויס התפעלות פון דעמדאָזיקן טיי. ער וואָלט אים געטרונקען, ווי ווין, און וואָלט אים כסדר געלויבט. די געסט אָבער, געוווינט צו אים, האָבן אים שטיל, אָן שבחים און לאַנגזאַם געטרונקען. דידאָזיקע מענטשן האָבן אָנגעהערט צו די אַריסטאָקראַטן פון לאַנד. זיי האָבן געטראָגן זיידענע הייזן, אַרומגעבונדן ביי דער טאַליע מיט אַ גאַרטל, און איבער די הויזן—אַ לאַנגער בגד, פאַרשפיליעט ביי דער זייט. אויף די פיס האָבן זיי געהאַט געלע שיכלעך. יע־דער איינער האָט געהאַלטן אַ פעכער ביי דער ברוסט.

זיי זענען געבוירן געוואָרן אינם לאַנד פונם טייבוים און שלעכטער טיי וואָלט זיי מער געחידושט, ווי גוטער...

ווען מען האָט שוין באַדאַרפט אויפשטיין פון טיש, האָט

זיך דער יונגער באַלעבאָס פלוצלונג אָנגערופן:

„מיינע פריינט, איך בעט אייך, האָרכט מיך ערנסט אויס. עס האַנדלט זיך װעגן זייער אַ וויכטיקן ענין: איך וויל אַריינפירן אַ נייעם עלעמענט אין מיין לעבן... איך ווייס נישט, צי איך טו גוט, צי שלעכט—מיר וועלן עס שפּעטער זען. דערווייל אָבער איז עס אַ באַשלאָסענע זאַך... דערדאָזיקער מיטאָג איז אייגנטלעך אַ געזעגן-מיטאָג: איך זעגן מיך מיט מיינע בחורישע יאָרן... אין צוויי וואָכן אַרום שפּילט זיך אָפּ מיין חתונה, און...״

„און דו ביזט דער גליקלעכסטער מענטש אויף דער וועלט!״ — האָט עמעץ פון די געסט פאַרכאַפּט זיינע לעצטע ווערטער. — „געדענק, אַז דו ביזט געזונט און רייך און גליקלעך!..״

מען האָט באַגריסט דעם אַפּאַטישן באַלעבאָס, און ער האָט רויק געשאָקלט מיטן קאָפּ צו יעדן איינעם פון די געסט. מען האָט אים אפילו געוואָלט אַ פרעג טאָן וועגן דעם „נייעם עלעמענט,״ וואָס ער וויל אַריינפירן אין זיין לעבן, אָבער אַזוי ווי דער באַלעבאָס אַליין האָט נישט גערעדט דערפון, האָבן די געסט העפלעך געשוויגן.

בלויז איין גאַסט האָט אים נישט באַגריסט. דאָס איז געווען דער פילאָזאָף.

פאַרלייגט די הענט אויף דער ברוסט, האָט ער געקוקט אויף די קאַלירטע שויבן פון די פענסטער און אַ ליטרע שפּיטעלע האָט אים באַוועגט די ווינקלען פון די ליפּן.

דער רייכער חתן האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו אים, אַרויפגעלייגט אים די האַנט אויפן ווייכן אַקסל און געפרעגט:

„דו מיינסט, אז איך בין ?"

„ניין."

„אפשר צו יונג?"

„אויך נישט."

„איך דארף עס אפשר נישט טאָן ?

„מעגלעך."

„אָבער דאָס מיידל, וואָס איך האָב מיר אויסגעוויילט און וואָס דו קענסט זי אויך, פאַרמעגט אַזוינע מעלות, וואָס קענען באמת גליקלעך מאַכן אַ מענטשן."

„איך ווייס."

„טאָ וואָס שמייכלסטו אַזוי גניביש ?"

דער פילאָזאָף האָט געזאָגט:

„אָבער דו קענסט דאָך איר קיין גליק נישט געבן! אַז מען לאַנגווייליקט זיך אַליין, איז שלעכט, אָבער אַז מען לאַנגווייליקט זיך זאַלבאַנאַנד, איז נאָך ערגער."

„הייסט עס, אַז איך וועל שוין קיינמאָל נישט זיין גליקלעך ?"

„יאָ, דו קענסט עס זיין, אָבער איך האָב דאָך דיר שוין געזאָגט: דו מוזט פריער זיין אומגליקלעך..."

דער באַלעבאָס האָט געשמייכלט.

„אָבער דאָס אומגליק קלעבט זיך נישט צו מיר,"—האָט ער געזאָגט.—עס מיידט מיך שטענדיק אויס..."

דער פילאָזאָף האָט ערנסט באַמערקט:

„איז טאַקע זייער שלעכט... דאָס באַווייזט, אַז דו ביסט אומהיילבאַר... אַ פאַרפאַלענער מענטש!"

עמעץ פון די געסט, דער ייִנגסטער, האָט זיך אַ ביסל אויפגערעגט.

„מען טאָר מיט זיי נישט רעדן, מיט די פילאָזאָפן,״ — האָט ער זיך שטיל געקרימט, —„און מען טאָר זיי נישט הערן. זיי האָבן זייערע טעאָריעס, מיט וועלכע זיי קענען פאַרסמען אַ וועלט. און איך זאָג פשוט און ניכטער, אָן שום טעאָריעס: האָב חתונה, מיין פריינט!... דו טוסט אַ גלייכע זאַך און זייער אַ נאַטירלעכע זאַך. מיינע פריינט!״—האָט ער אויפגעהייבן אַ דין געשליפט גלעזל מיט שאַמפּאַניער. — „איך טרינק פאַר דער דרייסטער טאַט פון אונדזער חשובן חבר און איך ווינטש אים גליק איבער גליק!״

דער פילאָזאָף האָט אַ מאַך געטאָן מיט אַ קליין הענטל, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט אָפּטרייסלען פון זיך די ווערטער פון דערדאָזיקער באַגריסונג. נאָכדעם האָט ער אויך אויפגעהייבן אַ גלעזל שאַמפּאַניער און געזאָגט:

„און איך טרינק נישט פאַר די חתונות און פאַר . . גליק פון די חתונות. פאַר וועמען עס איז גוט און פאַר וועמען עס איז שלעכט. איך טרינק נאָר פאַר דעם, אַז אונדזער ליבער קין-פאַ זאָל אַריינפאַלן אין אַן אומגליק, אַ צרה, אַ צער... וואָרים ער נייטיקט זיך דערין!״

אַלע געסט, ווי איין מענטש, האָבן זיך אויפגערעגט. זיי האָבן זיך אויפגעהייבן פון די ערטער און, שטאַרק פאַרויטלט, אָנגעשטאָכן דעם פילאָזאָף מיט בייזע בליקן. זיי זענען אָבער באַלד חייכער געוואָרן, געשמייכלט, עטלעכע מאָל אויפגעהייבן און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זיך וואָרעם צעזעגנט מיטן באַלעבאָס און דעם פילאָזאָף און פאַרלאָזט דעם רייכן סאַלאָן.

עס דאַרף זיין קענטיק פון דער גאַנצער באַשרייבונג, אַז די לייט, וואָס ווערן דאָ געשילדערט, זענען נישט קיין אייראָפּיי-ער און נישט קיין אַמעריקאַנער, נאָר כינעזער, רייכע, אַריסטאָ-

קראַטישע, אייראָפּעיש-געבילדעטע כינעזער, וואָס האָבן געזען אַ וועלט און זענען גוט באַקאַנט מיט דער קולטור פון מערב-אייראָפּע.

פאַרבראַכט האָבן די געסט נישט אין אַ סאַלאָן פון אַן אַלטן כינעזישן פּאַלאַץ, נאָר אין אַ סאַלאָן פון אַ כינעזישער שיף, באַפּוצט פון אויבן ביז אַראָפּ מיט בלומען. דידאָזיקע שיף האָט זיך געוויגט אויף די וואַסערן פון פּערלטייך, אין קאַנטאָן. דאָ, אינם שיפּסאַלאָן, האָט דער רייכער קין-פּאָ געפּראַוועט זיין געזעגן-מיטאָג, אויף וועלכן ער האָט איינגעלאַדן זיינע בעסטע און נאָענטסטע פריינט: דעם פילאָזאָף וואַנג, מיט וועלכן ער האָט זיך כמעט קיינמאָל נישט צעשיידט, פּונקט ווי מיט אַ לייבלעכן ברודער, פּאַאָ-שען, אַ מאַנדאַרין פון פערטן קלאַס מיט אַ בלויען קנעפּל, אוין-פּאַנג, אַ רייכער סוחר פון זיידנס, טים, אַ באַקאַנטער לעביונג און כואַלאַ, א געלערנטער מאַן.

דער מיטאָג איז געפּראַוועט געוואָרן אין דעם זיבנאונצוואָנציקסטן טאָג פון דער פערטער לבנה, אין דער ערשטער שמירה-צייט פון די פינף שמירה-צייטן, וואָס, אָנשטאָט אַ זייגער, ווייזן זיי אַזוי פּאָעטיש די שעה פון דער כינעזישער נאַכט.

די געסט זענען אַוועק.

קין-פּאָ האָט זיך אויפגעהייבן און פאַרדעקט מיט אַ קליי[illegible] ווייס הענטל דאָס מויל: ער האָט ברייט געגענעצט.

און דער פילאָזאָף וואַנג מיט די גרויסע שפּאַקולן אויף דער נאָז האָט אַ פּאַך געטאָן מיטן פעכערל ביים פּנים און געפרעגט:

„מיר גייען, קין-פּאָ?"

און יענער האָט פויל געענטפערט:

„יאָ, מיר גייען!"

# קין-פאָ און דער פילאָזאָף וואנג.

קין-פאָ האָט אפילו געהאַט מאַיאָנטקעס אין קאַנטאָן, אָבער געוווינט האָט ער אין שאַנכאַי.

פון אומעט און לאַנגווייליקייט פלעגט ער עפּעס קומען קיין קאַנטאָן צוזאַמען מיטן פילאָזאָף, וואָס איז אויך געווען זיין לערער. ער האָט אָבער בעסער געוואָלט זיין אַ פריינט פון פילאָזאָף, איידער אַ תלמיד. בטבע האָט ער פיינט געהאַט לעקציעס.

קין-פאָ איז געווען אַ טיפישער פאָרשטייער פון די צפון-כינעזישע פראָווינצן. די דאָרטיקע איינוווינער האָבן אַ שטאַרקן חוש פאַר רעפאָרמען און מישן זיך נישט אויס מיט זייערע שכנים, די מאַנדזשורן. אין די דרומדיקע פראָווינצן טרעפט מען שוין נישט אַזוינע טיפּן, ווי קין-פאָ. דאָרט זענען סיי די העכערע און סיי די נידעריקע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג שטאַרק אויסגעבונדן און אויסגעמישט מיטן מאַנדזשורישן שבט.

קין־פאָ איז געווען אַ ריינער כינעזער סיי פון פאָטערס און סיי פון דער מוטערס צד. אַ הויכער, אַ שלאַנקער, מיט אַ גלאַט געזיכט, אַ גלייכער נאָז און מיט אויגנווינקלען, עטוואָס אויפגעהייבן צו די שלייפן, איז ער געווען אַן אידעאַלער פאַרשטייער פון די צפון־פראָווינצן.

ווען נישט דער גלאַט־געראַזירטער פ ביי די זייטן און דער לאַנגער פרעכטיקער צאָפ, וואָס האָט זיך אים געבאמבלט אויפן רוקן, וואָלט מען אים געקענט אָננעמען פאַר אַן אייראָפּייער. דאָס איז געווען אַ מאַנספערשוין, וואָס האָט געצערטלט און אָפּגעהיט די הויט כמעט ווי אַ פרוי. ער האָט געטראָגן לאַנגע, שיין צוגעפיילטע נעגל און האָט קיינמאָל נישט געטאָן קיין פיזישע אַרבעט.

עס האָט זיך אים לייכט געלעבט, ער איז געגאַנגען פאַוואָליע און שטאָלץ און האָט אויף אַלץ געקוקט מיטן לייכטן אויג פון אַ גרויסן איבערגעזעטיקטן עושר.

ער האָט שטאַרק געשטאָלצירט דערמיט, וואָס ער איז געבוירן געוואָרן אין פעקין...

זיין פאָטער טשו־כעו, זייער אַ חשובער כינעזער פון אַן אַריסטאָקראַטישער פאַמיליע, איז געווען אַ פעיקער סוחר.

אין די ערשטע יאָרן פון זיין סוחרישער קאַריערע האָט ער געהאַנדלט מיט אַלץ, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט: מיט פאַפיר, מיט זיידנס סו־טשו, מיט טיי פון כאַנקאָו און פושו און מיט רויטן און געלן קופער פון דער פראָווינץ יונאַן.

ער איז געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט אייראָפּע, ענגע שיפן האָבן איבערגעפירט זיינע סחורות און דער עלעקטרישער קאַבעל האָט אים איבערגעגעבן, ווי האַלט עס מיט די

פרייזן פון זיידנס אין ליאָן און מיט די פרייזן פון אָפּיום אין קאַלקוטע.

זיינע געשעפטן האָט ער ברייט געפירט סיי אין כינע און סיי אין אייראָפּע און אַמעריקע. מען האָט אים גוט געקענט אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, פּאָרטוגאַל, ווי מען האָט אים געקענט אין די רייכע פראָווינצן פון כינע.

בשעת קין-פּאָ איז געבוירן געוואָרן, האָט שוין זיין פאָטער געהאַט צונויפגעקלאַפּט אַ קאַפּיטאַלכל פון העכער פער-ציקטויזנט דאָלאַר.

שפּעטער האָט זיך דאָס פאַרמעגן שטאַרק פאַרגרעסערט טשו-כעו האָט זיך פון קיין שום געשעפט נישט אָפּגעזאָגט. אַלץ איז ביי אים געווען אַ סחורה. בשעת עס האָט זיך אָנגעהייבן די גרויסע עמיגראַציע אין כינע, האָט ער געמאַכט ריזיקע קאַ-פּיטאַלן ביי דעם עמיגראַנטן-ביוראָ, און אַז דידאָזיקע עמיגראַנטן זענען שפּעטער אויסגעשטאָרבן אינדערפרעמד און איבערגע-לאָזט בצוואה, מען זאָל זייערע טויטע ביינער אַריבערפירן אַהיים, אין זייער ליבער כינע, האָט ער ווידער געמאַכט קאַפּי-טאַלן ביי דעם „קבורה-ביוראָ." אינדערפרעמד האָט ער געפירט לעבעדיקע און צוריק האָט ער געפירט טויטע, און זיינע קאַ-פּיטאַלן זענען אָן אויפהער געוואַקסן פון דידאָזיקע נסיעות...

צולעצט איז דער גרויסער מאַכער פון געלט סיי פון לעבעדיקע און סיי פון טויטע אַליין אויך געשטאָרבן און זיין ביינצניעריקער יורש איז נישט געבליבן איינער און אַליין אויף דער גרויסער וועלט.

פריער האָט זיך אונטערגערוקט דער פילאָזאָף וואַנג...
ווער איז אייגנטלעך געווען דערדאָזיקער וואַנג? ווי קומט

ער צו דעם עושר קין־פּאָ?

עס איז אַ לאַנגע געשיכטע, אָבער מען מוז זי דער־ציילן.

כינע האָט שוין אַזאַ טבע, אַז ווען דאָרט ברעכט אויס אַ מרידה, שלעפּט זי זיך יאָרן און יאָרן. די כינעזער האָבן צייט אפילו בשעת אַ מרידה.

אַזוי, אַ שטייגער, איז אויסגעבראָכן די באַרימטע מרידה פון XVII יאָרהונדערט קעגן דער אַלטער און חשובער דינאַסטיע פין. דער לעצטער מלך פון דערדאָזיקער דינאַסטיע איז געווען אַ מענטש אַ שוואַכער און אַ שרעקעוודיקער. און אַז ער האָט דערזען די שרייענדיקע מורדים, וואָס האָבן פאַרפלייצט די גאַסן פון פּעקין, האָט ער געבעטן הילף ביים מאַנדזשורישן כאַן.

דער מאַנדזשורישער כאַן האָט זיך טאַקע לאַנג נישט געלאָזט בעטן, אָבער דערפאַר, אַז ער האָט איינגעשטילט די מרידה, האָט ער דעם מלך משלח געווען און האָט אַוועקגעזעצט אויפן טראָן זיין אייגענעם זון שון־טשע.

פון דעמאָלט אָן געהערט דער כינעזישער טראָן צו דער מאַנדזשורישער דינאַסטיע, וואָס איז, לויטן בלוט, פרעמד דעם כינעזישן פאָלק. די מאַנדזשורער שטאַמען פון טאַטערן.

דאָס לאַנד האָט זיך אָבער נישט איינגעשטילט. עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ סדרה מיט מרידות קעגן שון־טשע. און וויפל געווען, אַזויפיל אַרמייען און פּראָגראַמען זענען געווען.

עס זענען געווען צענדליקער קאַנדידאַטן אויפן טראָן און מען האָט זיך כסדר געממיתט אַמאָל פאַר דעם און אַמאָל פאַר יענעם קאַנדידאַט.

דידאָזיקע מרידות האָבן זיך פּאַוואָליע געשלעפּט הונדער-
טער יאָרן און זענען סוף-כל-סוף געווען די סיבה פון דער
אומגליקלעכער מלחמה, וואָס דער כינעזישער מלך כיען-פּאָנג
האָט אין יאָר 1860 דערקלערט ענגלאַנד און פראַנקרייך און
וואָס האָט זיך געענדיקט מיטן פּעקינשן שלום. דערדאָזיקער
שלום האָט געמאַכט אַ נישקשהדיקן חורבן פון דער כינעזישער
פרייהייט. כינע איז טיילווייז אַרונטערגעפאַלן אונטער דער
באַהאָפּנטער מאַכט פון אייראָפּע...

די מיליטערישע קאָמיסאַרן, וואָס ענגלאַנד און פראַנק-
רייך האָבן אַריינגעזעצט אין כינע, האָבן אָנגעהייבן זוכן די
מורדים. מיט זיי האָט מען אָנגעפילט די כינעזישע תפיסות, מען
האָט זיי געקעפּט...

קיין שום רחמנות האָט נישט געגאָלטן פאַר זיי.

און אָט אין דער צייט, פאַרנאַכט, איז פּלוצלונג וואַנג
אַריינגעפאַלן צו דעם אַלטן טשו-כעו אין הויז, אין שאַנכאַי. ער
איז אַריין און איז געבליבן שטיין, ווי אַ שאָטן בײַם
טיר.

דער אַלטער טשו-כעו, וואָס האָט בעת מעשה געמאַכט
זיינע סוחרישע חשבונות, האָט אויפגעהייבן די ליטרע כינעזישע
אויגן אויפן גאַסט און געזאָגט:

„שרעק זיך נישט... אָבער איך זאָג דיר: איך וויל נישט
וויסן פון דיין געכטן, דערצייל מיר גאָרנישט.... דו קענסט דאָ
בלייבן."

וואַנג האָט געזאָגט:

„זאָלן אייך לאַנג דינען

און דער אַלטער האָט געפרעגט

„ווי הייסטו?"

װאַנג הייס איך."

ביידע האָבן זיך טיף איבערגעקוקט. דער אַלטער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַ מורד, װאָס װיל זיך ראַטעװען פון טויט, און װאַנג, װידער, האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז אַן אַלטער חשובער כינעזישער סוחר, װאָס האָט שטאַרקע פאַרבאָרגענע סימפּאַטיעס פאַר די מורדים.

װי דער אַלטער האָט נישט געלעכצט נאָך שלום און מנוחה, ער זאָל קענען פירן רויק זיינע געשעפטן, איז ער דאָך געװען מיטן האַרץ אויפן צד פון די מורדים, װאָס האָבן געװאָלט אַראָפּשלײדערן פון טראָן די מאַנדזשורישע דינאַסטיע, די דאָזיקע פרעמדע דינאַסטיע, װאָס האָט קיין שום שייכות נישט געהאַט מיטן כינעזישן פאָלק.

און װאַנג איז פאַרבליבן ביים אַלטן אין הויז.

ער האָט זיך שטאַרק געענדערט.

פון אַן אומרויקן, אויסגעהונגערטן און איבערגעשראָקענעם מורד, מיט אַ צעקראַצטן לייב פון שלאָפן אין נאָרעס און גריבער, האָט ער זיך פאַרװאַנדלט אין אַן עלעגאַנטן כינעזער, װאָס גייט מיט געמאָסטענע טריט, װאָס רעדט געלאַסן און קלוג און װאָס איז תמיד העפלעך מיט קינדער און דערװאַקסענע.

אַ גוטער בילדעטער, אַן אַנטיקלמער, אַ באַלייענטער, אַ מענטש װאָס האָט געקענט גוט דעם כאַראַקטער פון כינע, האָט ער זיך ביסלעכװייז פאַרװאַנדלט אין אַ פילאָזאָף מיט אַן אָריגינעלן בליק אויפן לעבן.

אָנגעהייבן האָט ער ביים אַלטן פון קליינינקע סוחרישע אַרבעטן, װאָס יענער האָט אים געגעבן און געענדיקט האָט ער אַלס מדריך און פריינט פון דעם אַלטנס זון.

ער האָט דעם יונגן קין-פאָ געלערנט.

קין־פֿאָ איז געווען אַ שלעכטער תּלמיד, נאָר אַ גוטער חבר. אָנשטאָט צו הערן דעם לערער און טיפֿער אַריינדרינגען אין זייַנע תּורות, האָט ער זיך בעסער געחברט מיט אים. ער האָט אים תּמיד אַנטפּלעקט זיינע סודות, און וואָגג האָט פֿאַרוואָרפֿן דאָס לערנען און האָט געשמועסט מיטן יונגן קין־פֿאָ פֿון שטערן און מזלות, פֿון וועלט און לעבן, און פֿון פֿרויען...

ביידע זענען טיף אין האַרצן געווען געגנער פֿון אייראָפּייִער און ביידע האָבן פֿיינט געהאַט די הויכע שיינע הייזער אין שאַנכאַי, וואָס האָבן אָנגעהערט צו די אייראָפּעישע מיסיעס...

„פֿון זיי שטאַמט דער אָפּיום, וואָס פֿאַרסמט דאָס כינעזישע פֿאָלק,“—האָט וואַנג שטיל געברומט,—„זיי האָבן די מאַכט, מיין ליבער. איך וואָלט אָבער געוואָלט, אַז די זאַך זאָל אַמאָל אויסזען פֿאַרקערט: די כינעזער זאָלן פֿירן אָפּיום קיין ענגלאַנד... ווי מיינסטו, מיין פֿריינט?“

„יאָ, עס וואָלט גאָרנישט שלעכט געווען,“—האָט קין־פֿאָ גלייכגילטיק געשמייכלט.

# א וויכטיקער בריוו, וואָס האָט פאַרשפּעטיקט.

פֿון קאַנטאָן זענען אין יענעם אָוונט ביידע פּריינס אַרויסגע־
פֿאָרן צוריק אַהיים אין שאַנכאַי. די גאַנצע דינערשאַפֿט איז
זיי אַרויסגעשפּרונגען אַנטקעגן. עס זענען געלאָפֿן משרתים, באַ־
דינער, טרעגער, שומרים, קוטשערס, קיכער, קליידערפּוצער. זיי
האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער שורה און מיט גרויס
הכנעה אַראָפּגעלאָזט די קעפּ.

דער עלטסטער פֿון דער דינערשאַפֿט האָט באַגריסט דעם
באַלעבאָס, קין־פֿאָ האָט קוים געענטפֿערט מיט אַ לייכטער באַווע־
גונג פֿון דער האַנט.

„ווו איז סון?"—האָט ער געפֿרעגט.

און וואַנג האָט געשמייכלט:

„סון וואָלט דאָך נישט געווען סון, ווען ער זאָל זיך דאָ
געפֿינען..."

„אָבער ווו איז סון?"—האָט קין־פֿאָ ווידעראַמאָל געפֿרעגט.

אַלע האָבן געשוויגן. דער עלטסטער פֿון דער דינערשאַפֿט האָט אויך נישט געוווּסט, וואָס צו ענטפֿערן אויף דער דאָזיקער פֿראַגע. סון האָט שוין אַזאַ טבע, אַז ווען מען דאַרף אים, איז ער נישטאָ.

קין־פֿאָ האָט אַ ווײַלע געקנייטשט מיטן שטערן: ער איז געווען בייז. אָן סונען האָט ער זײַן קינדער־באַל נישט געקענט באַגיין — ער איז געווען זײַן ליבדינער.

סון איז אָבער געווען זייער שלעכטער לייבדינער. ער האָט קיינמאָל נישט געטאָן דאָס, וואָס מען אים געהייסן. ער האָט נישט געפֿאָלגט און פֿלעגט זיך קונציק אַרויסדרייען פֿון זײַנע פֿונקציעס. אין אַ נויט פֿלעגט ער מאַכן אַ הכנעהדיקע מינע און פֿלעגט זיך לאָזן שלאָגן...

עס איז, אייגנטלעך, געווען אַ שטיקל חידוש, פֿאַרוואָס דער אַפּאַטישער קין־פֿאָ, וואָס זיך אַזוי געניטיקט אין הילף, האָט דווקא אויסגעוויילט סונען פֿאַר זײַן לייבדינער און האָט אים שטענדיק אַלע חטאים מוחל געווען. בלויז אין זעלטענע פֿאַלן פֿלעגט ער אים אָפּשנײַדן דעם צאָפּ, וואָס האָט זיך גערעכנט פֿאַר אַ האַרבער שטראָף, וואָרים דער כינעזער האָט זייער ליב זײַן צאָפּ.

קין־פֿאָ האָט נאָכאַמאָל אַ זוך געטאָן מיט די אויגן זײַן פֿוילן לייבדינער, און נישט געפֿינענדיק אים, איז ער אַרײַן מיט וואָגן אין הויף פֿון זײַן פּאַלאַץ.

אין הויף איז געווען מחיהדיק קיל. די ביימער, וואָס זענען געשטאַנען אין גלײַכע שורות און קרײַזלעך, האָבן געוואָרפֿן אַ ווייכן שאָטן אַרום זיך. די זון האָט גאָלדיק געציטערט אויף די גרינע בלעטער.

אינמיטן האָט זיך געזילבערט אין שטראַלן אַ שײן טײַכל. גאָלדענע פֿישעלעך האָבן ווו־נישט־ווו אויפֿגעריסן די גלאַטקייט

פונם וואַסער. אויף די ברעגן פון טייכל זענען געשטאַנען הויכע סטאַטועס מיט ברייטע מײַלער און אַרויסגעשפּאַרטע אויגן.

ביידע פריינט זענען לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צו דער הויפּט-טיר פון פּאַלאַץ, וואָס איז געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט קלענערע פּאַלאַצלעך, ווי אַ טאַטע מיט קינדער.

אַריין אין פּאַלאַץ, האָט זיי אַ בשמימדיקע לופט אַ גלעט געטאָן ביי די באַקן. עס איז געווען שטיל און ווייך-גליטיק, ווי אין אַ באַגינענדיקער אַלייע.

אין דערדאָזיקער שטילקייט האָבן זיך באַגעגנט זייערע אויגן מיט צענדליקער קליינינקע לאַקירטע טישעלעך, מיט צאַצקעלעך פון פּאָרפאָר, מיט קליינע הענגענדיקע שירעמלעך, מיט שוואַרצע סילועטלעך אויף אַ רויטן און געלן פאָן, מיט געשניצטע חיהלעך און עופות, מיט טעפּיכער און קאָלירטן זיידנס...

אין דעמדאָזיקן מלכותדיקן פּאַלאַץ האָט זיך קינציק באַהעפט די כינעזישע פאַנטאַזיע מיטן אייראָפּעישן קאָמפאָרט...

קין-פּאָ איז אייגנטלעך געשטאַנען פאַרן פּראָגרעס. ער געהאַלטן פון מאַשינעס, פון אייראָפּעישע דערפינדונגען. עפּעס האָט ער געקויפט אַן אייראָפּעישע בעט, אַ שאַנק, אַ פראַנצויזישן זייגער...

זיך אַרייַנגעזעצט ן זאַל, וווּ אַלץ האָט געשטראַלט מיט פארבן און לאַק, אין אַ דייטשישן וויגשטול, האָט ער פאַרלייגט די הענט אויפן האַרצן און האָט ווידער געטראַכט סונען.

אויף זיין רוף איז שטיל אויסגעוואַקסן דער עלטסטער דער דינערשאַפט, אויף די שפּיץ פינגער, מיט אַ בוקנדיקן קאָפּ.

ער האָט געזאָגט אויך מיט בוקנדיקע ווערטער

„מיין האַר, צי קען איך פאַרטרעטן סונעזו?"

קין-פאָ האָט אויפגעהויבן אַ פינגער און אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

„ניין," — האָט ער געזאָגט, — „זוכט מיר אָפּ ״עב פוילער. איך מוז אים זען..."

דער דינער איז אַרויס אויף די שפּיץ פינגער, דער פילאָזאָף האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן דעם אַפּאַטישן עושר.

ער האָט אַ טאַפּ געטאָן די שפּאַקולן אויף דער נאָז און זיך אָנגערופן:

„מיין טייערער, די חכמה לערנט אונדז, אַז ווען מען קומט אַריין אין אַ הויז, באַדאַרף מען עפּעס עסן..."

קין-פאָ האָט קוים געשמייכלט.

„נו, לאָמיר זיין חכמים," — האָט ער געזאָגט.

אַ דינער האָט זיי באַלד דערלאַנגט פּיצעלעך שפּייז אויף קליינטשקע שעלכעלעך, ביידע האָבן שטילשווייגנדיק צוגעביסן. נאָכדעם האָבן זיי זיך צעגעהייבן: יעדער פון זיי איז אַוועק אין זיין באַזונדערן צימער.

קין-פאָ האָט זיך אויסגעצויגן אויף אַ ווייכער אייראָפּעישער קושעטקע... אין קאָפּ האָבן זיך אים ווייך באַוועגט די רעיונות, פּונקט ווי קליינטשקע שאָטנדלעך, וואָס רוקן זיך איבער פון איין אָרט אויף אַ צווייטן.

ער האָט געטראַכט פון זיין כלה.

דאָס אויג האָט בעת מעשה געזען דאָס ליבע ווייסע פּנים מיטן נאַיוון פּנימל און רויטע פרישע אַרויסגעשטופּטע ליפּלעך...

געוווינט האָט די כלה נישט אין שאַנכאַי, נאָר אין פּעקין און קין-פאָ האָט געטראַכט, אַז מען באַדאַרף איר אָנשרייבן אַ בריוו. מען דאַרף איר אָנשרייבן, אַז ער האָט זיך אומגעקערט.

צוריק אין שאַנכאַי און אַז ער האָט בדעה אינגיכן אַרויסצופאָרן קיין פעקין, אין דער רעזידענץ פון דער הימלישער אימפעריע.

ליגנדיק אויף דער ווייכער אייראָפעישער קושעטקע, האָט ער גאָך לאַנג געטראַכט פון דער כלה, און אים איז איינגעפאַלן, אַז דער פילאָזאָף וואַנג איז נישט אינגאַנצן גערעכט. דער פילאָזאָף וואַנג האָט אויפגעוויזן, אַז ער, קין-פאָ, קען גאָרנישט געבן זיין כלה, אָבער דאָס איז נישט ריכטיק. אָט פילט ער אויף דער קושעטקע, ווי עס קלאַפט אים דאָס האַרץ און ווי דאָרט, אין האַרץ, זיצט עפּעס אַ מאַגנעטל, און עס ציט אים און עס שלעפּט אים צו דעם שיינעם וועזן אין פעקין...

קין-פאָ האָט פאַרמאַכט די אויגן און איז מיטן מאַגנעטל אין האַרצן פאַוואַליע אַוועקגעשווומען צו דער כלה...

ער איז געשווומען אויף לייכטע גאָלדענע וואָלקנס, אינדערהויך, אונטערן הימל, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז פון דער קעגנאיבערדיקער זייט, אויף דערזעלבער הויך, שווימט צו אים פאַוואָליע די כלה אין אַ ווייכן געלעגער פון וואָלקנדלעך...

עס איז געווען זייער אַ זיסע מינוט, און קין-פאָ וואָלט זיך זיכער צונויפגעשווומען מיט זיין כלה אונטערן הימל, ווען עמעץ זאָל אים נישט אַ קיצל טאָן פלוצלונג ביים אַקסל.

קין-פאָ האָט פויל געעפנט די אויגן. דערזעלבער „עמעץ" האָט אים אַריינגערוקט אין דער רעכטער האַנט אַריין אַ באַמבוקענעם שטעקן און צו זיין אויער זענען צוגעפאַלן דידאָזיקע הכנעהדיקע ווערטער:

„מיין האַר קען שלאָגן!.."

קין-פאָ האָט זיך באַלד אויפגעהייבן אין זיך פאַרמאָסטן

מיטן שטעקן. סון האָט זיך אויסגעבויגן און האָט אויסגעשטעלט דעם רוקן באַקוועמער פאַרן שלאָגער. מיט איין האַנט האָט ער זיך צוגעשפאַרט צום טעפּיך, אין דער צווייטער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ בריוו.

קין-פאָ האָט זיך פאַרקרימט און האָט אַ וואָרף געטאָן דעם שטעקן.

„אויסוואורף!" — האָט ער געזאָגט. — „אַ שטעקן איז צו ווייניק פאַר דיר".

„אַי-וואַי!..."—האָט סון שטיל געקוויטשעט, ווי עמעץ האָלט אים פאַרשטיקט דעם האַלדז. — „מיין האַר האָט רעכט... איך בין שולדיק!"

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און האָט דריי מאָל אָנגעקלאַפּט דעם שטערן אינם פּאָדלאָגע-טעפּיך.

„אַי-וואַי, מיין האַר האָט אַ בריוו!" — האָט ער גע-קוויטשעט.

קין-פאָ האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם קאָנווערט.

„אויסוואורף!"—האָט ער געברומט אַ בלאָסער.—„אַכט טעג האָסטו געהאַלטן ביי זיך דעם בריוו?"

„אַכט טעג..."—האָט סון געשטאַמלט.—„איך האָב תחילת פאַרגעסן און נאָכדעם איז דער האַר אַרויסגעפאָרן קיין קאַנטאָן..."

אַ בייזער ציטער האָט פּלוצלונג אַרומגעכאַפּט דעם יונגן כינעזער.

„אויסוואורף! קום אַהער, נענטער!"—האָט ער געזאָגט.

„אַי-וואַי!"—האָט סון ווידער געקוויטשעט.—וואָס וויל דער האַר טאָן מיט מיר?"

דער רייכער כינעזער האָט מיט איין האַנט אַ כאַפּ גע-

טאָן פון אַ פּאָלירטן טישל אַ קליין בלישטשעדיק מעסערל און מיט דער צווייטער האָט ער אָנגענומען דעם לייבדיגער פּאַרן צאָפּ. אין אַ מינוט אַרום איז דער לאַנגער צאָפּ געלעגן אויפן קאָלירטן טעפּיך, ווי אַ געקוילעטע שלאַנג...

סון איז אַרויסגעלאָפן מיט אַ געוואַלד פון צימער.

קין-פאָ האָט זיך באַרויקט. ער איז אַריינגעפאַלן אין דער אַלטער אַפּאַטיע און האָט אַ וואָרף געטאָן אַ פּאָר גלייכגיל-טיקע אויגן אויפן קאָנווערט.

דער קאָנווערט איז געווען פון אָנגעקראַכמאַליעטן לייוונט, מיט צוויי ברוינע מאַרקעס דערויף. דער בריוו איז געקומען פון די פאַרייניקטע שטאַטן.

קין-פאָ האָט זיך פאַרקרימט.

„מסתמא פון מיין קאָרעספּאָנדענט,“—האָט ער געבורטשעט.

ער האָט אַ וואָרף געטאָן דעם בריוו אויף דער פּאָד-לאָגע און האָט זיך צוריק אויסגעצויגן אויף דער אייראָפּעישער קושעטקע.

עס איז גוט צו ליגן און עס איז שווער און נאַריש צו לייענען בריוו. און וואָס קען ער אים שרייבן דער קאָרעספּאָנ-דענט? מסתמא, אַז די אַקציעס פון זיינע קאַפּיטאַלן, וואָס ליגן אין דער „צענטראַל-באַנק פון קאַליפאָרניע“, האָבן זיך גע-הייבן און אַז ער איז רייכער געוואָרן מיט נאָך אַ דרייסיק-טויזנט דאָלאַר...

„דאָס איז נאָך אַלץ גאָרנישט“—האָט ער געטראַכט און האָט נישט ווילנדיק צוגעמאַכט די אויגן.

איצט איז שוין אָבער נישט געווען אַזוי אַנגענעם צו ליגן, ווי פריער. דער בריוו האָט געשטערט.

ער האָט זיך אויפגעהייבן, גענומען דעם קאָנווערט אין

דער האַנט אַריין, אָפּגעשאָרן מיט אַ שערעלע דעם בּרעג, אַרויסגענומען דעם בריוו און איבּערגעלייענט. דידאָזיקע אַרבּעט האָט אים עטוואָס איינגעמידט.

אַדורכגעשפּאַצירט אַ פּאָר מאָל איבּער דעם ווייכן טעפּיך, וואָס האָט פאַרשלונגען דעם קלאַנג פון די טריט, איז ער צוגעגאַנגען צו אַ הויכן טישל און גענומען אין דער האַנט אַריין אַ ריידרערל. ער האָט געוואָלט כאַפּן אַ שמועס מיט זיין פריינט, דעם פילאָזאָף.

ער האָט אָבּער דאָס רערל בּאַלד צוריק אַוועקגעלייגט און איז ווידעראַמאָל אַוועק צו דער קושעטקע. ער האָט זיך נישט געלייגט דערויף, נאָר ער איז צוגעגאַנגען צו אַן אַנדער טישל. אויף דעמדאָזיקן טישל איז געשטאַנען אַ קליין בּלישטשעדיק קעסטעלע. אַ ווײַלע איז ער געשטאַנען און גע־קנייטשט מיטן שטערן איבּער דעם. נאָכדעם האָט אָנגעדריקט אַ קנאָפּקעלע.

אין צימער האָט זיך בּאַלד אַריינגעגאָסן אַ זיס יונגמיידליש שטימעלע:

„מיין עלטערער בּרודער! בּין איך דען נישט פאַר אייך דאָס אייגענע, וואָס דאָס בּלימל מעי־כוא פאַר דער ערשטער לבנה, דאָס אַבּריקאָסנבּלימל פאַר דער צווייטער און דאָס צאַ־קווייטעלע פאַר דער דריטער! מיין האַרץ שיקט אייך טויזנטער ליכטיקע גרוסן!...“

קין־פאָ האָט געשמייכלט.

ער האָט געעפנט דאָס קעסטעלע און האָט אַרויסגענומען פון דאָרט אַ קליין געשטרייפט וואַלצל, וואָס האָט נאָר וואָס איבּערגעגעבּן אַלע ניואַנסן פון אַ מענטשלעכער שטימע.

איצט האָט קין־פאָ געוואָלט רעדן און האָט אַריינגעלייגט

אינם בלישטשעדיקן קעסטעלע אַן אַגדער וואַלצל, וואָס האָט באַדאַרפט איינזאַפּן אין זיך זיין קול און זיינע ווערטער. דאָס איז געווען אַ זעלטענער אַפּאַראַטל, וואָס האָט, ווי אַ לעבעדיק וועזן, איבערדערציילט וואָרט ביי וואָרט און קלאַנג אין קלאַנג דאָס אַלץ, וואָס אַ מענטש האָט גערעדט.

אַריינגעלייגט דאָס וואַלצל אין קעסטעלע, האָט קין-פאָ גערעדט ביי אַ מינוט. גערעדט האָט ער זייער רויק, אַזוי, אַז מען האָט בשום אופן נישט געקענט וויסן, צי ער האָט געזאָגט אַ פּאָר פריילעכע ווערטער, צי אומעטיקע.

פון דעם וואלצל האָט זיך גלייכצייטיק באַוועגט אַ פּע-דער, און קין-פאָס ווערטער זענען אָנגעשריבן געוואָרן אויף אַ פּאַפּיר.

אַרויסגענומען פּאַוואָליע דאָס פּאַפּיר פון אַפּאַראַטל, האָט ער עס אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט און אָנגעשריבן דעם אַדרעס: „דער חשובער פרוי ליע-או, אַלייע שאַ-קואַ, פּעקין."

ער האָט אָנגעדריקט אין וואַנט אַ קנעפּעלע. אין צימער איז אַריין אַ דינער אויף די שפּיץ פינגער. קין-פאָ האָט אים איבער-געגעבן דעם בריוו.

„שיק עס באַלד אַוועק,"—האָט ער געזאָגט.

ער האָט שווער אָפּגעאָטעמט. עס איז, קענטיק, געווען צו שווערע אַרבעט פאַר אים. ער האָט שוין לאַנג נישט געאַרבעט אַזוי אינטענסיוו, ווי היינט. אַ מענטש מוז דאָך פאָרט עפּעס טאָן.

אָבער דער בריוו פון די פּאַרייניקטע שטאַטן איז אין פלוג אַן איבריקער. זיין פּאָרשטייער אין סאַן-פראַנציסקאָ איז, קענטיק, אַן אומרויקער מענטש. ער שרייבט אים עפּעטער בריוו. צו וואָס ? ווער דאַרף די בריוו ? און למאי שטערט ער אים אין זיין מנוחה ? אזא פּאָרשטייער פילט נישט אויס, ווי געהעריק, די פונקציעס,

וואָס זענען אַרויפֿגעלייגט געוואָרן אויף אים. די וויכטיקסטע פֿונקציע פֿון אַ פֿאָרשטייער איז—געבן וואָס מער מנוחה זיין באַלעבאָס.

קין־פֿאָ האָט געגענעצט. די אויגן האָבן זיך אים געקלעבט. אַ מידער און אַ פֿוילער, האָט ער זיך פֿונדאָסניי אויסגעצויגן אויף דער קושעטקע און איז באַלד איינגעשלאָפֿן.

## ליע=או באקומט דעם בריוו.

די רייצנדיקע ליע=או האָט צום צענטן מאָל געפרעגט איר אַלטע באַדינערין:

„איך האָב נאָך אַלץ נישט קיין בריוו?"

און די זקנה האָט צום צענטן מאָל געענטפערט:

„ניין, מיין האַרנטע!"

„אַך, ווי עס שלעפּט זיך די צייט!"—האָט זיך ליע=או געקלאָגט.

„די צייט ציט זיך, ווי פאַר ווערעמען!"—האָט יענע געענטפערט.

נאָך, די אַלטע באַדינערין, האָט שטענדיק גראָב געענטפערט, און ליע=או האָט זיך בייז אויסגעדרייט פון איר. זי האָט טיף אָפּגעגעגעצט און האָט לאַנג געקוקט אויף די געשליפטע נעגל פון אירע פינגער.

עס איז איר געווען לאַנגווייליק און נודנע. זי האָט נישט געהאַט וואָס צו טאָן.

ליע-או האָט חתונה געהאַט צו אַכצן יאָר. איר מאַן איז שוין געווען אַן עלטערער מענטש און אַ באַוווסטער למדן אין כינע. געלעבט האָט זי מיט אים נישט גליקלעך און אין דריי יאָר אַרום נאָך דער חתונה איז ער געשטאָרבן.

די יונגע אלמנה האָט זיך פאַרלאָרן. אויף אירע שיינע אויגן זענען געהאַנגען טרערן. זי האָט נישט געוויינט נאָכן מאַן. דעם אַלטן למדן און מיוחס האָט זי נישט ליב געהאַט. זי האָט נאָר געוויינט אויף אירע יונגע יאָרן, וואָס גייען אַוועק אין עלנט און צער...

צו יענער צייט האָט זי זיך באַקענט מיט קין-פאָ. דער יונגער כינעזער האָט זי אָנגעקוקט, האָט מסכים געווען, אַז זי איז אַ שיינע און האָט באַלדעם געגענעצט...

„אַ שיינער פרוי איז אַ שיינע פרוי,“—האָט ער געזאָגט,— „און וואָס נאָך?“

פאַר איר האָט זיך אָבער איינגעשטעלט דער פילאָזאָף וואַנג. ער האָט געטענהט, אַז אַ שיינע פרוי איז דאָך אַ וויכטיקער ענין און אַז קין-פאָ שאַצט זי נישט אָפּ, ווי געהעריק.

קין-פאָ האָט ווייטער געגענעצט, אָבער סוף-כל-סוף האָט ער נאָכגעגעבן דעם פילאָזאָף און האָט איבערגעשמועסט מיט דער יונגער ליע-או. קין-פאָ האָט איר געמאַכט אַ פאָרשלאַג און איז געוואָרן איר חתן.

דעמאָלט האָט שוין וואַנג געטענהט, אַז ס'איז אַ ביסעלע צו שנעל און קין-פאָ האָט שוין געצויגן מיט אַן אַקסל. דעמדאָזיקן פילאָזאָף קען מען קיינמאָל נישט צופרידנשטעלן.

„איך האָב מיך געכאַפּט,“—האָט דער פילאָזאָף געזאָגט,— „דו האָסט איר גאָרנישט, וואָס צו געבן... קיין עשירות דאַרף זי נישט. זי דאַרף דיין האַרץ... אָבער וואָס פאַרמאָגט דיין

האַרץ? אַ ביסעלע פֿוילקייט... ניין, דו מוזט זיך פֿריער אָנזאַפּן מיט צער און אומגליק, ווען דו איר שפּעטער האָבן וואָס צו שענקען. פֿון צער און אומגליק, מיין טייערער קין־פּאָ, וועלן שפּעטער ווערן בריליאַנטן...

אַזוי האָט גערעדט דער פֿילאָזאָף וואַנג צו דעם רייכן כּי־נעזער, און דער רייכער כּינעזער האָט געשוויגן.

די זאַך איז שוין אָבער געווען אַ פֿאַרפֿאַלענע: קין־פּאָ איז געוואָרן ליע־אוס חתן. די יונגע אַלמנה האָט זיך געטרייסט אין איר אומגליק און האָט אָנגעהייבן לאַכן. נאָך דעם אַלטן למדן האָט קין־פּאָ אויסגעזען, ווי אַ יונגער פּרינץ. זי האָט זיך געזען פֿאַרבונדן מיט אים און אין אירע בלוטן איז אַריינגעפֿאַלן אַ וואַ־רעמער ציטער.

אַלע אינדערפֿרי האָט זי געפֿרעגט דער אַלטער נאָן:

„איז נישטאָ קיין בריוו פֿאַר מיר?“

און יענע האָט איר תּמיד געענטפֿערט, ווי אַ מאַשין:

„נישטאָ קיין בריוו, מיין האַרנטע...“

די יונגע אַלמנה האָט פֿריער אָפּגעזיפֿצט און נאָכדעם אַ גענעץ געטאָן פֿון לאַנגווייל.

„ביים חתן גייט עס צו לאַנגזאַם,“—האָט זי געטראַכט.

ליע־או איז געווען אַ רייצנדיק דאַמעלע. זי וואָלט אויס־גענומען אפֿילו ביי אַן אייראָפּייער, וואָס איז אפֿשר מער מפֿונק אין שיינקייט, ווי אַ כּינעזער. זי האָט געהאַט אַ צאַרט ווייס גע־זיכט, גוטע שמייכלענדיקע אויגן, שוואַרצע האָר, פֿאַרפֿלאָכטן מיט בענדלעך און בלימלעך, קליינע ווייסע ציין און שוואַרצע, שאַרף געצייכנטע ברעמען, עטוואָס באַצויגן מיט כּינעזישן טוש.

אויסערלעך האָט זי אויסגעזען גאַנץ באַשיידן. זי האָט

נישט געפּאַרבט דאָס געזיכט, ווי דאָס טוען דאָס רוב די שיינ־הייטן פון דער הימלישער אימפּעריע, נישט געברויכט קיין שום קאַרמינפאַרב צו די ליפּן און צו דעם קליינינקן ווערטיקאַלן קנייטשעלע צווישן די אויגן און בכלל נישט באַנוצט קיין שום קאָסמעטישע איינרייבונגען, אויף וועלכע דעם קיסרס הויף אין כינע פּטרט יאָר־יערלעך מיליאָנען סאַפּעגעס.

די יונגע אַלמנה איז זעלטן אַרויס פון שטוב. די גאַס האָט איר עטוואָס געשראָקן. זי האָט זיך צוריקגעהאַלטן און האָט זיך נישט געוואָלט וואַרפן אין די אויגן.

זי האָט זיך אָנגעטאָן זייער באַשיידן, אָבער מיט גע־שמאַק. די שטילע פאַרבן פון אירע קליידער האָבן איר שטענ־דיק געפּאַסט צום צאַרטן געזיכט.

בטבע איז זי געווען זייער אַ רויקע, אָבער לעצטנס האָט זי זיך שטאַרק געענדערט. זי האָט געבענקט נאָך קין־פאָ, דאָס האַרץ האָט עפּעס געמאָנט. אַלע טאָג האָט זי געוואַרט אויף בריוו...

קיין בריוו זענען אָבער נישט געווען, האָט זי זיך גע־וואָרפן צו עפּעס אַן אַרבעט: זי האָט אויסגעהאָפטן זיידענע צימער־שיכלעך פאַר קין־פאָ, אָבער ביי דערדאָזיקער אַרבעט האָט זי נאָכמער פאַרלאָרן איר מנוחה. קין־פאָ האָט אַרויסגעוווּנקען פון די זיידענע פעדעם, וואָס האָבן זיך געוועבט צווישן אירע פינגער, אַרויסגעוווּנקען, אַ שמייכל געטאָן און באַלד דערויף אַנטרונען געוואָרן, און בעת מעשה האָט שטאַרק געקלאַפּט דאָס האַרץ.

האָט זי אַוועקגעוואָרפן דאָס האָפטן, זיך פאַרטראַכט, נאָכ־דעם געקוקט אויף די אַרומגעפּיילטע נעגל, נאָכדעם ווידער־אַמאָל געוואָלט פרעגן ביי דער אַלטער בייזער גאַן, צי עס

איז ניסטאָ קיין בריוו, נאָכדעם פאַרזוכט אַ שטיקעלע שאָקאָלאַד פון אַ שיינער באָמבאָניערקע, און אַז דער טאָג האָט זיך נאָך אַלץ געצויגן און געצויגן און די זון האָט בשום אופן נישט געוואָלט אונטערגיין, האָט זי מיט אַ גענעץ געעפנט דאָס בוך נ ו ש ו ן, דידאַקטיקע חיכטיקע זאַמלונג פון כללים, וואָס יעדע אנשטענדיקע כינעזישע פרוי באַדאַרף זיי זיך שטענדיק איינחזרן און געדענקען.

אין דעפּדראָזיקן בוך האָט ליע-או געלייענט

„די בעסטע צייט פאַר אַרבעט איז דער פרילינג, די ליבסטע שעה פון טאָג איז דער באַגינען.”

„שטיי אויף פאַרטאָג, מייד בעסער אויס דעם זיסן שלאָף.”

„וועב מיט פלייס דיין באַחל, ווי דיין זיידנס.”

„שאָפל דיין מי אויף די פעלדער.”

„אַרבעט און שפּאָרזאַמקייט—דאָס זענען די שענסטע מידות פון אַ פרוי.”

„דיינע שכנים וועלן דיך לויבן און בענטשן.”

די יונגע אַלמנה האָט פאַרמאַכט דעם ספר. קיין איין כלל, וואָס איז אַדורכגעגאַנגען אירע אָפענע אויגן, איז נישט אַריינגעפאַלן אין איר זכרון.

די גאַנצע וועלט האָט זיך איר אַראָפּגעקאָזט, דער הימל איז געפאַלן. אַלץ איז עפּעס אַזוי וויסט און גרוי...

וו איז קין-פאָ? וואָס טוט ער? וואָס צעגערט ער אַזוי? פאַר וואָס קומט ער נישט? פאַרוואָס שרייבט ער נישט? שוין-זשע איז עס אַזאַ נאַרישער יונגערמאַן, אַז ער פאַרשטייט זיך נישט אויף איר ליבע און קען נישט אָפּשאַצן אַזאַ פרוי, ווי ליע-או?

די יונגע אַלמנה האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען. ווען די גאַס וואָלט זי אַזוי נישט געשראָקן, וואָלט זי היינט פאַר־לאָזט די שטוב און וואָלט זיך אַריינגעוואָרפן, ווי אין אַ טייך, אינעם גערויש פון פעקין...

זי וואָלט געגאַנגען און געגאַנגען און וואָלט זיך אויף קיין איין מינוט נישט אָפּגעשטעלט. זי וואָלט אויף קיין מענטשן נישט געקוקט און אויף די קראָמען נישט געקוקט — זי וואָלט אַלץ געגאַנגען, אַראָפּוואַרפנדיק פון זיך דעם אומעט און די בענקשאַפט, וואָס לאָזן איר נישט לעבן.

ליע־או האָט געוואָלט וויינען.

עס איז איר געוואָרן ענג אויף דער וועלט און ביי זיך אין האַרץ.

„וואָס טוט מען?"—האָט זי זיך געפרעגט.—„וואָס טוט מען אָן קין־פאָ?"

פריער איז שוין לייכטער געווען. פריער האָט זי, לפּחות, געוווסט, אַז זי איז אַן אַלמנה און אַז זי דאַרף ליידן. דאָס האַרץ האָט זיך דעריבער אויפגעפירט באַשיידן און די רעיונות האָבן נישט געבונטעוועט... איצט זעגען איר ענג די נעכט און ענג די טעג—קין־פאָ טאָגט און נעכטיקט אין זכרון און לאָזט זי נישט צורו.

וועט ער אַמאָל קומען, דער קאַלטער רייכער קין־פּאָ? וועט ער אַמאָל שרייבן? דאָס יונגע אַלמנישע האַרץ ווערט איר צע־ריסן פון פּיין...

אין צימער איז אַריין די אַלטע נאַן און האָט איר מיטן גאַנצן הויפן דערלאַנגט אַ בריוו.

„יאָ, דאָסמאָל איז דאָ," — האָט זי געשאָקלט מיטן אַלטן קאָפּ.—„די האַרנטע זעט דאָך, אַז מען שרייבט, קומט אָן..."

די יונגע אַלמנה האָט פאַרשטיקט אַ פרייד-געשריי, וואָס האָט איר אַרומגעטאַנצט אין האַלדז. זי האָט זיך אָבער געמאַכט האַרץ און אָפּגעוואַרט, אַז די אַלטע זאָל אַרויס, און אַז יענע האָט אַרויסגעטופּעט פון צימער, האָט זי מיט אירע שאַרפע גע־פיילטע נעגל, נאָר מיט ציטריקע פינגער באַלד אויפגעריסן דעם קאָנווערט, אַרויסגענומען דאָס בריוועלע און אַריינגעלייגט עס אינם אויסטערלישן אַפּאַראַטל, וואָס זי האָט בעקומען במתנה פון קין-פאַ.

זי האָט אַ דריק געטאָן אַ קנאָפּקעלע, און אַ באַקאַנטע שטימע האָט אַרויסגערעדט פון אַפּאַראַטל:

„מיין יינגערע שוועסטער! איך בין פאַראָרעמט געוואָרן. מיין עשירות איז צעזייט געוואָרען, ווי די געלע בלעטער אין הערבסט. איך וויל אייך נישט מאַכן אומגליקלעך און טיילן מיט אייך מיין דלות. פאַרגעסט, איך בעט אייך, דעמיצניקן, וואָס אויף איבם זענען מיטאַמאָל אַרויפגעפאַלן צענטויזנט אומ־גליקן...

אייער אומגליקלעכער קין-פאַ".

ליע-או איז מיטאַמאָל קאַלט געוואָרן. עס איז איר קאַלט געוואָרן אין די פינגער, אין האַרץ, אין די קני. די אויגן האָבן זיך איר צוגעמאַכט און זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט. זי האָט אָבער נאָך באַוויזן אַ געשריי צו טאָן. זי האָט געשריען:

„געוואַלד, מיר איז נישט גוט!..."

די אַלטע נאַן איז אַריין אין צימער.

זי האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען. זי האָט נאָר געזען אַן אויפ־געריסענעם קאָנווערט, וואָס איז געלעגן צוזאַמען מיט ליע-או אויף דער פּאָדלאָגע.ביידע האָבן געשוויגן...

נאַן האָט פאַרביסן די אַלטע ליפּן. זי האָט זיך אָנגעבויגן

און מיט געצווונגענע כוחות איפגעהייבן די יונגע אַלמנה און אַוועקגעטראָגן זי אין בעט אריין.

„האָט די האַרבטע געחלשט?“—האָט זי ביין געפרעגט.

„ניין, דו קענסט גיין...“—האָט יענע קוים געענטפערט.

די אַלטע איז אַרויסגעגאַנגען, אָבער ליע־או איז נאָך אַלץ געווען זייער קאַלט. עס האָט איר געקלאַפּט אַ צאָן אָן אַ צאָן. און קיין שום קישן און קיין שום קאָלדרע האָט איר נישט געהאָלפן, פונקט ווי זי וואָלט מיטאַמאָל געלעכערט געוואָרן און אַלע בייזע, קאַלטע ווינטן פון דער וועלט וואָלטן אַרומגעשפּאַצירט אין איר—אין איר האַרץ, אין אירע קני.

זי האָט נישט געוויינט—זי איז נאָר געלעגן פאַרגליווערט אין קעלט.

## נייע געשעענישן.

צומאָרגענס אינדערפרי איז קין-פאָ אַרויס פון זיי, פּאַלאַץ, אַ גלייכגילטיקער צו מענטשן און צו זייערע מעשים. געלאַסן, מיט געמאָסטענע טריט האָט ער זיך אַראָפּגעלאָזט צו דעם רעכטן ברעג טייך. דאָרט איז ער צוגעגאַנגען צו דער בריק, וואָס פאַרייניקט די ענגלישע קאָנצעסיע מיט דער אַמעריקאַנישער און איז אַריין אין אַ שיין הויז. אויפן טיר פון דעמדאָזיקן הויז איז געהאָנגען אַ קליין מעשן שילדל מיט אַן אויפשריפט:


CENTENAIRE

אַסעקוראַנץ־געזעלשאַפט

גרונטקאַפּיטאַל — 20 מיליאָן דאָלאַר

הויפּטאַגענט ווילי אַם בידולף

קין-פאָ האָט געזען אַ סך צימערן, אָפּטיילונגען מיט אויפשריפטן, שרייבטישן, לאַנגע שמאָלע ביכער, רעכנביינדלעך, באַ-

אמטע, אַרייַנגעטאָן אין זייער אַרבעט. אין די צימערן און אָפּ־טיילונגען האָבן זיך כסדר אַרומגעדרייט קליענטן, כינעזער און אייראָפּייער. שמאָלע, ווייסע פּאַפּירן האָבן שטיל געשאָרכעט און זענען געלאָפן פון האַנט צו האַנט, באַשטעמפּלטע און געחתמע־טע. עס האָט געקלונגען ענגליש, פראַנצויזיש, דייטש...

וואַנגס תּלמיד האָט זיך אַ פּאָר מאָל אַרומגעקוקט און איז אַריין אין אַ הויכן, ליכטיקן צימער.

אַ מענטש מיט אַן אַמעריקאַניש געזיכט, אין אַ שוואַרצן סורטוק מיט אַ ווייסן קראַוואַט, איז אים געקומען אַנטקעגן.

„הער בידולף?“—האָט קין־פּאָ געפרעגט.

דער אַמעריקאַנער האָט אַ שמייכל געטאָן מיט אַ ברייט מויל און צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„יאָ, יאָ,“—האָט ער געזאָגט.—„מיט וועמען האָב איך דעם כבוד צו רעדן?“

„קין־פּאָ, פון שאַנכאַי“.

דער הויפּטאַגענט האָט זיך באַלד געכאַפּט:

„הער קין־פּאָ! איינער פון די קליענטן פון דער „Cente-naire“? דער נאָמער פון פּאָליס 25200?

„יאָ, יאָ,“—האָט קין־פּאָ באַשטעטיקט.

„מיט וואָס קען איך אייך דינען, מיין הער?“—האָט דער אַגענט געפרעגט.

„איך װיל מיך איבערשמועסן מיט אייך,“ — האָט קין־פּאָ געזאָגט.

דער אַגענט האָט אים אַריינגעבעטן אין אַ צווייטן צימער מיט טאָפּעלע טירן און שווערע טעפּיכער. ביידע האָבן זיך אַוועק־געזעצט כּאַר אַ לאַנגן שרייבטיש. בידולף האָט גערעדט אַזוי־גוט כינעזיש, ווי קין־פּאָ ענגליש.

הער בידולף האָט געזאָגט:

„איך בין גרייט אייך צו הערן, הער קין-פאָ".

דער כינעזער האָט אָנגעהייבן:

„איר פאַרשטייט, הער בידולף, איך וויל מיך פאַרזיכערן אויף אַ גרעסערער סומע..."

דער אַמעריקאַנער האָט אים באַלד איבערגעשלאָגן:

„נו, יאָ, ס'איז נישטאָ קיין לייכטערע זאַך, מיין הער... צוויי חתימות בלויז: מיינע און אייערע, און די זאַך איז געמאַכט. אָבער דערלויבט מיר אייך צו פרעגן: שטאַרבן ווילט איר דאָך מסתמא אַלס זקן, נישט אין דער יוגנט?... דאָס איז דאָך, באַטירלעך..."

„פאַרוואָס מיינט איר אַזוי?"—האָט קין-פאָ געפרעגט. — „אָט דאָס, וואָס מען גייט צו אייך זיך פאַרזיכערן דאָס לעבן, באַטייט דאָך, אַז דער טויט איז נאָענט... ווי אַזוי גייט מען אַנדערש אין אייער ביוראָ?..."

דער אַמעריקאַנער אַגענט האָט ערנסט באַמערקט:

„מיין הער, אונדזערע קליענטן טראַכטן נישט דערפון. זיי שרעקן זיך נישט פאַרן טויט... זיי לעבן לאַנג... אונדזערע קליענטן לעבן הונדערט יאָר, מיין הער! דער, וואָס פאַרזיכערט זיך דאָס לעבן ביי אונדז, דער נעמט זיך אַרויס אַ פּאַטענט אויף אַ לאַנג רויק לעבן, דער פאַריאָגט דעם טויט פון זיך... איר פאַרשטייט, מיין הער? און דערפאַר טאַקע מאַכן מיר אַזוינע גוטע געשעפטן... פון די גוטע געשעפטן קען מען זיך לייכט אָנשטויסן, אַז אונדזערע קליענטן לעבן לאַנג..."

קין-פאָ האָט געשמייכלט, הערנדיק דידאַזיקע ווערטער, אָבער דער אַמעריקאַנער אַגענט איז געווען ערנסט, ווי אַ פינאַנצמיניסטער און האָט גאָרנישט געהאַט בדעה צו שפּאַסן.

ער האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר ערנסטע שווערע אויגן אויפן כינעזער און האָט געשוויגן.

קין-פּאָ האָט געזאָגט:

„פונדעסטוועגן, ווי דאָס זאָל נישט זיין, וויל איך מיך אַסעקורירן ביי אייך אויף אַ סומע פון 200,000 דאָלאַר."

הער בידולף האָט ווידעראַמאָל ערנסט באַמערקט:

„דאָס ווערט שוין געמאַכט."

ער האָט אַרויסגענומען אַ קליין נאָטיצביכעלע און ד'האָט פאַרצייכנט ביי זיך די דיזאָזיקע סומע, און באַלד דערויף האָט ער צוגעגעבן:

„עס איז אפשר איבעריק, אָבער איך מוז אייך דאָך באַמערקן, אַז די פּערזאָן, וואָס אַסעקורירט זיך ביי אונדז, פאַרלירט סיי דעם קרן און סיי די פּראָצענטער מיט אַלע פּרעמיעס, אויב זי שטאַרבט נישט מיטן נאַטירלעכן טויט, נאָר דורך דער שולד פון איר יורש. איר זענט אַפילו אַ מענטש אַ פּראַקטישער, אָבער דידאָזיקע באַמערקונג מאַכן מיר אויף פּראַקטישע מענטשן, וואָס זענען באַקאַנט מיט די געזעצן פון אונדזער געזעלשאַפט.

„יאָ, יאָ,"—האָט קין-פּאָ געשאָקלט מיטן קאָפּ.—„איך ווייס עס."

דער אַמעריקאַנער האָט געפרעגט:

„אייגנטלעך, פון וואָסערע אומגליקלעכע צופאַלן ווילט איר אייך פאַרזיכערן?"

„פון אַלע!"—האָט קין-פּאָ געענטפערט.

דער אַמעריקאַנער אַגענט ד'האָט מעכאַניש אויסגערעכנט:

„פון אַלע אומגליקלעכע צופאַלן סיי אויף דער יבשה

און סיי אויפן ים און סיי ווען איר פאַרלאָזט די גרענעצן פון דער הימלישער אימפּעריע?"

„יאָ".

פון אַ געריכט? פון אַ שלעכטן פּסק-דין?"

„יאָ."

„פון אַ דועל?"

„יאָ".

„פון מיליטערישער געפאַר?"

ה' בידולף האָט אַ ווײַלע געשוויגן. ער האָט עפּעס באַרעכנט אויפן קאָפּ און נאָכדעם געזאָגט:

אויב אַזוי, וועט מען מוזן פאַרגרעסערן די אַסעקוראַנץ-פּרעמיעס."

„איך וועל באַצאָלן, וויפל עס קומט."

„זייער גוט!"—האָט דער אַגענט געזאָגט.

איצט האָט ער ווידער עפּעס באַרעכנט אויפן קאָפּ און האָט זיך אָנגערופן:

„פאַראַן אַפילו נאָך אַ סכנה, וואָס איז דאָ נישט דערמאָנט געוואָרן..."

„וואָס קען זיין נאָך פאַר אַ סכנה? — האָט קין-פאָ גע-פרעגט.

הער בידולף האָט רויק געענטפערט:

„נו, זעלבסטמאָרד..."

„זעלבסטמאָרד?"—וואַנגס תלמיד האָט זיך פאַרטראַכט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געזאָגט:—אָבער איך מיין, אַז מען קען זיך אויך פאַרזיכערן פון זעלבסטמאָרד, לויט די סטאַטוטן פון אייער געזעלשאַפט..."

דער אַגענט האָט זיך הויך צעלאַכט.

„דאָס איז אַ געדאַנק!“—האָט ער זיך געריבן מיט הנאה די הענט.—„די מענטשן, וואָס גייען צו אונדז זיך פאַרזיכערן, האָבן על־פּי־רוב זייער מורא פאַרן טויט. זיי וואָלטן געוואָלט לעבן אויף דער וועלט כאָטש טויזנט יאָר!... אדרבה, זאָלן זיי זיך פאַרזיכערן אויך פון זעלבסטמאָרד... מיט פאַרגעניגען! מיר וועלן זיי נישט שטערן דערין. זיי וועלן זיך פאַרזיכערן — און וועלן לעבן און לעבן, אַרומטראָגנדיק אין קאָפּ דעם שוואַכן אויסגעטוייקטן געדאַנק וועגן טויט... ווער וועט זיי שטערן דערין?“

קין-פאָ האָט זיך ערנסט אָנגערופן:

„איר זענט גערעכט, הער בידולף! ס׳איז באמת אַזוי. אָבער איך וויל מיך פונדעסטוועגן פאַרזיכערן אויך דערפון...“

„מיט פאַרגעניגן!“—האָט דער אַגענט געזאָגט.—איר וועט אָבער מוזן אַריינטראָגן זייער אַ הויכע סומע...“

„וואָס איך דאַרף צאָלן, וועל איך צאָלן, הער בידולף!“

„מיט פאַרגעניגן, הער קין־פאָ!“—האָט דער אַגענט זיך ווי־דער געריבן מיט הנאה די הענט.

„אַנטשולדיק, ווי הויך איז די סומע פון דער פרעמיע?“—האָט וואַנגס תּלמיד געפרעגט.

הער בידולף האָט געמאַכט אַן ערנסט פּנים פון אַ מיני־סטער און געענטפערט מיט צוצויגענע ווערטער:

„אונדזערע פרעמיעס זענען באַרעכנט מאַטעמאַטיש־גע־נוי, וואָס ס׳איז באמת אַ גרויסער שבח פאַר דער געזעלשאַפט... זיי זענען נישט באַרעכנט, ווי דאָס איז אַמאָל געווען, לויט דיוווילאַרס טאַבעלן... אייך איז באַקאַנט דער נאָמען דיווילאַר?“

„ניין, נישט באַקאַנט,“ — האָט קין־פאָ באַשיידן געענט־פערט.

„געוועזן אן אָנגעזעענער סטאַטיסטיקער, אָבער ער איז שוין אַ רעכט ביסל פאַרעלטערט געוואָרן... שוין לאַנג, שוין זייער לאַנג, ווי ער האָט צוזאַמענגעשטעלט זיינע באַריםטע טאַבעלן, וואָס אַלע איירָאָפּעישע אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפטן האָבן זיי גע-נומען אַלס באַזע פאַר זייערע פּרעמיעס... דורכשניטלעך האָט מען דעמאָלט באַרעכנט דעם מענטשנס יאָרן ווייניקער, ווי איצט און דער קליענט האָט געצאָלט טייערער. מיר אָבער באַ-רעכענען דורכשניטלעך לענגער דעם מענטשנס יאָרן, און דער קליענט צאָלט אַזוי-אַרום ביליקער... איר פאַרשטייט, הער קין-פאָ?"

„אָבער ווי הויך איז די סומע פון מיין פּרעמיע?" — איז שיין דער יונגער כינעזער מיד געוואָרן פון אַזוי פיל רייד.

ער האָט געוואָלט גענעצן און אַרויסגיין אין גאַס.

הער בידולף האָט אים אָבער לייכט אָנגענומען פאַר דער האַנט און געזאָגט:

„איך מוז זיין עטוואָס נישט באַשיידן, הער קין-פאָ... אַנט-שולדיקט, ווי אַלט זענט איר?"

„איינאונדרייסיק יאָר..."—האָט יענער געענטפערט.

הער בידולף האָט זייער געשעפטלעך פאַרזשמורעט דאָס רעכטע אויג און אַ קנייטש געטאָן מיטן שטערן.

„זייער גוט," — האָט ער געזאָגט. — „ווען מיר זאָלן באַרעכענען, ביי איינאונדרייסיק יאָר, די סאַמע געוויינלעכע אומגליקספאַלן, וואָלט איר אין יעדער געזעלשאַפט גע-דאַרפט באַצאָלן 166 אויף 100. אין דער "Centenaire" אָבער צאָלט איר בלויז 140 אויף 100, וואָס אויף אַ קאַפּיטאַל פון

200,000 דאָלאַר מאַכט עס יערלעך אויס גאַנצע 5400 דאָ־לאַר...״

„בא, האָט איר שוין אַלץ באַרעכנט?״

„אַלץ, אַפילו זעלבסטמאָרד אויך...״

„אַזוי, וויפל מאַכט עס אויס?״

דער אַגענט האָט אַריינגעקוקט אין זיין קליינעם נאָטיצ־ביכעלע.

„פופציקטויזנט דאָלאַרן!״—האָט ער מיט אַ געמאַכטער קאַלט־קייט געזאָגט.

„ווי אַזוי דאַרף איך אויסצאָלן די פּרעמיע?״—האָט קין־פאָ געפרעגט.

„איר קענט מיטאַמאָל, אָדער אַלע חודש, ווי איר ווילט. נאַטירלעך.״

„וויפל מאַכט אויס פאַר די ערשטע צוויי חדשים?״—האָט דער כינעזער מיד געפרעגט.

„אַ גאַנץ באַשיידענע סומע: 8332 דאָלאַר...״

קין־פאָ האָט פאַרבאָרגן אַ געגעץ. דער קאָפּ האָט אים עפּוואָס וויי געטאָן, אָבער ער האָט געזאָגט:

„איך האָב גאָרנישט קעגן אייערע באַדינגונגען. זיי זע־נען גאַנץ צוגעגנגלעך.״

און ביי דידאָזיקע ווערטער האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ גרויסן פּאַק פּאַפּירגעלט און עס אוועקגעלייגט אויפן טיש, אונטער די הענט פון אַגענט.

„איר האָט דאָ פאַר צוויי חדשים,״ — האָט ער מיד גע־זאָגט.

„זייער פיין! זייער פיין!״—האָט דער אַגענט ווידער און ווידער זיך געריבן די הענט פון גרויס הנאה.—„אָבער,״—האָט ער צו־

געקוקט דעם כינעזער מיט קושנדיקע אויגן,—עס איז נאָך פאַראַן אַ קליינע פאַרמעלע מניעה, וואָס מוז באַזייטיקט ווערן, איידער איך נעם צו דאָס געלט... איר וועט דאָך מיר אַנטשולדיקן, הער קין-פאָ... מיר שליסן דאָך אַ געשעפט, און אַ געשעפט פאָדערט גענויקייט און פּינקטלעכקייט...

„וואָס פאַר אַ מניעה?"—האָט דער כינעזער קוים אַרויסגערעדט.

הער בידולף האָט געשמייכלט.

„איר מוזט נאָך פריער באַטראַכט ווערן פון אונדזער דאָקטאָר... די געזעלשאַפט האָט אַ דאָקטאָר... אַנטשולדיקט, הער קין-פאָ..."

„וואָס הייסט עס?" — האָט זיך קין-פאָ אויפגעהייבן און באַלד דערויף זיך צוריק אַוועקגעזעצט. ער האָט זיך אויפגערעגט.

דער הויפּט-אַגענט האָט אָבער געלאַסן געזאָגט:

„דער דאָקטאָר מוז אַרויסגעבן אַ שיין, אַ באַשטעטיקונג, אַז אייער אָרגאַניזם איז אַ געזונטער, אַז אייך דראָט נישט קיין שום מחלה... איר וועט מיר אַנטשולדיקן, הער קין-פאָ..."

און דער רייכער כינעזער האָט שוין עטוואָס געשריען:

„וואָס הייסט? איך וויל מיך גאָר פאַרזיכערן אויפן פאַל פון אַ דועל, פון זעלבסטמאָרד... און איר..."

דער הויפּט-אַגענט האָט אים גענומען גלעטן ביי דער האַנט.

„באַרויקט אייך,"—האָט ער געזאָגט,—„מיר מאַכן דאָך עפּעס אַ געשעפט, מוזן מיר איינער דעם אַנדערן שאַנעווען... מען קען דאָך נישט סתם אַזוי, אָן שום איינזען, נעמען געלט... נישט איך, נישט איר... שטעלט אייך פאָר, אַז אין אייך זיצט אַ מחלה,

װאָס האָט אַ נאָענטע פֿאַרבינדונג מיט אייער קבר און איר דאַרפֿט באַלד צומאַכן די אויגן... איר װעט מיר מוחל זיין, הער קין-פּאָ... װײסט איר, װיפֿל דערדאָזיקער עסק װאָלט אונדז אָפּגעקאָסט? 200,000 דאָלאַר... װער איז אייגנטלעך אייער יורש, הער קין-פּאָ?"

„נישט איינער, נאָר צװיי!"—האָט קין-פּאָ געברומט.

„צװיי?"

„נו, יאָ צװיי. איינער באַקומט 50,000 דאָלאַר, דער צװייטער 150,000. אַזוי האָב איך באַשטימט."

„װער באַקומט 50,000?"

„װאַנג..."

„דער פֿילאָזאָף װאַנג?"

„טאַקע ער אַליין..."

„און די 150,000?"

קין-פּאָ האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

„פֿרוי ליע-או פֿון פּעקין..."

דער אַגענט האָט אַלץ שנעל און אומבאַמערקט פֿאַרצייכנט ביי זיך אין ביכעלע.

„אַנטשולדיקט, הער קין-פּאָ, װי אַלט איז פֿרוי ליע-או?"

„איינאונצװאַנציק יאָר..."

„איינאונצװאַנציק יאָר! אָ, די דאָזיקע דאַמע װעט שוין מסתּמא דעמאָלט זיין אַ גוטע זקנה, אַ חײסע אַלטעטשקע, װען זי װעט בעקומען דאָס געלט..."

„פֿאַרװאָס מיינט איר אַזוי?"

„װייל איר װעט דאָך לעבן איבער הונדערט יאָר! װאָס רעדט איר?..."

ביידע האָבן אַ ווײַלע געשוויגן, הער בידולף האָט גע־פרעגט:

„און ווי אַלט איז דער פילאָזאָף וואַנג?"

„פינפאונפופציק יאָר."

„נו, דער וועט שוין זיכער אַ גראָשן נישט באַקומען!"

קין־פאָ האָט געלאַכט.

„איר רעדט אַ ביסעלע צו זיכער,"—האָט ער געזאָגט.

„איך רעד גאָרנישט זיכער!"— האָט דער הויפּטאַגענט אַ צי געטאָן מיט אַן אַקסעל. — עס איז דאָך אַ פּשוטער חשבון, איר וועט מיר אַנטשולדיקן! ווען איך וואָלט, ביי פינפאונפופציק יאָר, געווען אַ יורש פון אַ דרייסיקיעריקן מענטשן, וואָס דאַרף לעבן ביז איבער הונדערט יאָר, וואָלט איך אַזאַ מין ירושה גע־האַלטן פאַר אַן אַבסורד... אָט אַזוי ציט מען אונטער לייכטער אַ חשבון, הער קין־פאָ!...

דער כינעזער, וואָס האָט שוין מער נישט געקאָנט זיצן, האָט זיך אויפגעהייבן, אַן אויסגעמאַטערטער, ווי נאָך אַ שווערן עקזאַמען. דערלאַנגט די האַנט דעם הויפּטאַגענט, איז ער אַרויס אויף דער גאַס און האָט אָפּגעצויגן דעם אָטעם.

באַלד צומאָרגענס האָט קין־פאָ באַזוכט דער דאָקטאָר פון דער אַסעקוראַנץ־געזעלשאַפט.

אינם מעדיצינישן פּראָטאָקאָל, וואָס ער האָט צוזאַמענגע־שטעלט פאַר דער געזעלשאַפט, האָט ער געשריבן, אַז הער קין־פאָ איז נישט קיין מענטש, נאָר אַ שטיק אײַזן. די מוסקולן, דאָס האַרץ, די לונגען, די לעבער זענען געמאַכט געוואָרן פון אײַזן און פון שטאָל... ער האָט שוין לאַנג אַזאַ אָרגאַניזם נישט געזען. דער פּאָליס איז טאַקע אין דעם אייגענעם טאָג אונטער־געשריבן געוואָרן; פון איין זייט דורך קין־פאָ לטובת דעם פילאָ־

זאָף וואַנג און דער יונגער פּרוי ליע-או, און פון דער צווייטער צייט—דורכן הער בידולף, אַלס פאָרשטייער פון דער אָסעקו-ראַנץ-געזעלשאַפט.

נישט ליע-או און נישט וואַנג האָבן נישט געטאָרט וויסן פון דעמדאָזיקן אויפטו. דאָס האָט באַדאַרפט זיין אַ סוד. קין-פאָ האָט געהאַט זיינע חשבונות. אַזוי האָט ער געוואָלט און אַזוי האָט ער געהאַנדלט.

## דרייסטע פלענער.

דער אמעריקאנער הויפּטאגענט איז אפילו געוועזן זייער א קלוגער און זייער א פּראקטישער מענטש, דאך האט ער זיך גענארט אינם רייכן כינעזער. קין-פא האט זיך ארום-געטראגן מיט אזוינע פלענער, וואס האבן געדארפט ברענגען גרויס שאדן דער קאסע פון דער אסעקוראנץ-געזעלשאפט.

קין-פא האט אפילו זייער גלייכגילטיק איבערגעלייענט דעם בריוו פון זיין פארשטייער אין סאן-פראנציסקא. סון האט דעם-דאזיקן אומגליקלעכן בריוו געהאלטן ביי זיך גאנצע אכט טעג און קין-פא האט זיך אים געפוילט צו לייענען, ווי געהעריק, אבער ער האט אים איבערגעלייענט און האט פארשטאנען זיין אינהאלט.

נאך א לענגערער הקדמה, וואס איז דעם רייכן כינעזער נישט געקראכן אין קאפּ, האט דער פארשטייער אין סאן-פראנ-ציסקא געמאלדן צולעצט אין בריוו, אז די „צענטראל-באנק פון קאליפארניע" ד'האט אויפגעהערט צו צאלן, זי האט באנקראָ-טירט...

און קין-פאָ האָט פאַרשטאַנען, אַז די באַנק האָט איינגע־שלונגען אויף אייביק זיין עשירות... אין דערדאָזיקער באַנק האָט ער געהאַט ליגן זיינע אַלע קאַפּיטאַלן.

און אָט, פּאַרטאָג, נאָך אין בעט ליגנדיק, האָט קין-פאָ פלוצלונג געעפנט די אויגן און האָט גענומען קוקן אין איין פּונקט אויף דער קעגנאיבערדיקער וואַנט. ער האָט געקוקט און האָט גאָרנישט געזען, דערפאַר אָבער האָט ער שטאַרק גע־טראַכט. און געטראַכט האָט ער, אַז ער האָט נישט מער וואָס צו לעבן אויף דער וועלט. ער איז פאַראָרעמט געוואָרן, און פאַר דעם ביסל, וואָס איז אים געבליבן, קענען זיך אַנדערע איינאָרדנען בעסער פון אים.

אַגב, איז דאָס לעבן לאַנגווייליק און נאַריש. ער האָט עס שוין גענוג. זאָלן זיך איצט קוויקן מיטן לעבן ליע-או און דער אַלטער פילאָזאָף. ער אָבער, קין-פאָ, דאַרף אַוועקגיין אין יענער געטלעכער מנוחה, וווּ מען פאַרגעסט סיי גוטס און סיי־שלעכטס און וווּ דעם מענטשנס נשמה קען זיך באמת באַ־רויקן.

ווי אַן עכטער כינעזער, האָט קין-פאָ קודם כּל איינגע־האַנדלט אַ באַקוועמע טרומנע, ער זאָל קענען רויק ליגן... עס זאָל אים זיין נישט ענג און נישט שמאָל און נישט צו קורץ אין די פיס. נאָכדעם האָט ער זיך געקויפט אַ ווייסן האָן. לויט דער כינעזישער תּורה, באַשטייט דעם מענטשנס נשמה פון זיבן עלעמענטן, און אַ ווייסער האָן פאַרקערפּערט מיט זיך איינס פון דידאָזיקע עלעמענטן.

קין-פאָ האָט זיך זייער גלייכגילטיק באַצויגן צום לעבן — צום טויט אָבער האָט ער זיך זייער ערנסט גע־גרייט.

ער האָט געוווּסט, אַז ער האָט נאָך צו פאַרענדיקן צוויי ערנסטע זאַכן: ער דאַרף אָנשרייבן אַ צוואה און צונויפשטעלן אַ פּראָגראַם פון זיין לוויה.

אין זיין צימער איז ער אַ לענגערע צייט אַרומגעגאַנגען אויף און אָפּ מיט פאַרלייגטע הענט אַהינטער. נאָכדעם האָט ער גענומען טינט און פעדער און האָט אָנגעשריבן די צוואה. אין דער צוואה האָט ער געשריבן, אַז זיין מאַיאָנטעק אין שאַנכאַי שענקט ער אַוועק דער אלמנה ליע-או און דעם מאַיאָנטעק אין קאַנטאָן מיטן בילד פונם מלך טאַיפינג גיט ער אַוועק דעם פילאָזאָף וואַנג. דערביי האָט ער אָנגעוויזן און אונטערגעשטראָכן די געלט-סומעס, וואָס יעדער איינער פון זיינע יורשים באַקומט נאָך זיין טויט אין דער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט „Centenaire“

פאַרענדיקט מיט דער צוואה, האָט ער זיך גענומען צו דער לוויה-פּראָגראַם. קין-פאָ האָט קיינמאָל נישט געאַרבעט אַזוי אינטענסיוו און ערנסט.

דאָס איז געווען אַ גרויסע פּראָגראַם. קין-פאָ האָט אָנגעוויזן, ווער עס זאָל אים באַגלייטן און דורך וואָסערע גאַסן מען זאָל אים פירן. ער האָט אויך אָנגערופן די נעמען פון די בלומען, מיט וועלכע מען זאָל באַפּוצן דעם ארון. די לוויה דאַרף זיך ציען בערך אַ פינף שעה צייט. מען טאָר הויך נישט רעדן, נישט שמייכלען, נישט האַלטן אויפגעהייבן דעם קאָפּ. מען טאָר אָבער אויך נישט וויינען. דער עיקר — וואָס מער פייערלעכקייט און שטרענגער אומעט...

איצט, אַז ער האָט פאַרענדיקט מיט דער פּראָגראַם, האָט ער באַשלאָסן: היינט אין אָוונט גייט ער איבער אין דער געזעלעכער מנוחה...

ער איז געווען רויק, צעפרידן, קיין שום אנגסט אָדער פּחד האָט נישט אָנגערירט זיין נשמה. פון צייט צו צייט האָט ער נאָר געפילט עפּעס אַן איילעניש אין דער באַוועגונג פון די הענט, ווי ביי אַ מענטשן ערב אַן אַנגענעמער נסיעה.

פאַרנאַכט האָט ער אפילו באַקומען אַ בריוו פון דער רייצנדיקער ליע-או.

די יונגע אלמנה האָט אים געשריבן, אַז זי דאַרף נישט זיין עשירות. פאַרקערט, זיין אָרעמקייט מאַכט נאָך שטאַרקער איר ליבע און דערנענט זי מער צו אים, ווי פריער. עשירות קילט אָפּ און אָרעמקייט דערוואַרעמט. זי וויל זיין מיט אים, מיט זיין האַרץ, וואָס איז שענער און רייכער פאַר דעם מלכס קרוינבריליאַנטן.

„אָ, מיין עלטערער ברודער, נעם מיך,“ — האָט זי געשריבן,—„און איך וועל דיר זיין די זיסטע שוועסטער אין דער וועלט!“

קין-פּאָ האָט געהאַלטן דאָס בריוועלע, געקנייטשט עס צווישן די פינגער און עפּטער איבערגעלייגט עס פון איין האַנט אין דער אַנדערער, אָבער זיין באַשלוס האָט ער דאָך נישט געענדערט. אין אָוונט גייט ער איבער אין דער געטלעכער מנוחה.

ווי אַזוי וועט ער עס טאָן?

פאַראַן פאַרשידענע וועגן צו דער געטלעכער מנוחה.

מען קען זיך אויפשניידן דעם בויך, ווי אַ יאַפּאַנער, מען קען זיך דערוואָרגן מיט אַ זיידענעם שטריקל, ווי אַ מיוחסדיקער מאַנדאַרין און קען מען זיך עפענען אַן אָדער, זיצנדיק אין אַ הייניקער וואַנע, ווי די פּאַרצייטיקע רוימער פלעגן זיך נוהג זיין...

אָבער די אַלע דריי וועגן זענען אים נישט געווען צום האַרצן. ער האָט נישט געוואָלט זען קיין בלוט און האָט גע-

וואָלט אויסמיידן יענע העסלעכע קאָנווולסיעס, וואָס קומען שטענ-
דיק מיט אַ שווערן טויט.

און ער האָט באַשלאָסן איינצונעמען אָפּיום, געמישט מיט
אַ שטאַרקן סם...

עס איז האַלב כינעזיש און האַלב אייראָפּעיש. די איי-
ראָפּייער סמען זיך על-פּי-רוב און זענען אפשר גערעכט: ס'איז
אַ בכּבודיק בריקל צווישן לעבן און טויט...

זיין געדאַנק האָט געאַרבעט זייער רויק און לאָגיש, ווי
אַמאָל דער געדאַנק פון זיין פאָטער, בשעת יענער האָט זיך
פאַרטיפט אין זיינע ברייטע סוחרישע געשעפטן.

איצט איז אים געבליבן דאָס לעצטע: ווו וועט ער עס
טאָן?

דער הויכער בנין פון זיין פּאַלאַץ איז געווען אַרומגע-
רינגלט מיט קליינע פּאַלאַצלעך. איין פּאַלאַצל האָט געהייסן
„גליק”, דאָס צווייטע „עשירות”, דאָס דריטע „תענוג”, דאָס
פערטע „לאַנגלעבן...” צוליב דידאָזיקע קליינגעדיקע און פאַר-
פירערישע נעמען, האָט ער שטענדיק געקוקט מיט עקל און
פאַראַכטונג אויף די קליינע שיינע פּאַלאַצלעך און האָט קיינ-
מאָל נישט אַריינגעשמעקט אין זיי. איצט האָט ער אויסגעוויילט
דאָס פּרעכטיקע פּאַלאַצל „לאַנגלעבן,” אויף צו להכעיס דעמדאָזיקן
נאָמען... דאָ, אינם „לאַנגלעבן” וועט ער קורץ שטאַרבן...

די זון איז אונטערגעגאַנגען, אַ רויטע, און האָט באַ-
שפּריצט מיט חיין די שפּיצן ביימער פונם פּאַלאַצגאָרטן. אַ
בלויער דינער פאַרנאַכטשטויב ד'האָט זיך אויפגעהייבן איבער
שאַנכאַי.

קין-פאָ האָט שוין אייגנטלעך באַדאַרפט אַריבערגיין אינם
פּאַלאַצל „לאַנגלעבן”. קיין סך צייט איז שוין נישט פאַרבליבן

און ער ד'האָט נאָך אויך באַדאַרפט אָנשרייבן צוויי בריוו צו זיינע ביידע יורשים.

אָבער אין דער לעצטער מינוט האָט ער געענדערט זיין באַשלוס: ער וועט עס טאָן עטוואָס שפּעטער, ביינאַכט...

ער האָט זיך געוואָלט געזעגענען מיט דער זון, מיטן הימל, מיט דער שטאָט, ווו ער איז אויסגעהאָדעוועט געוואָרן און ווו זיין טאַטע האָט געפירט אַזוינע גרויסע געשעפטן.

אייגנטלעך געפינט ער זיך שוין אויך איצט אין דער געטלעכער מנוחה, וואָרים באַלד ווי ער ד'האָט נאָר באַשלאָסן נישט צו לעבן, געהערט ער שוין נישט צו דער טומלדיקער לעבעדיקער וועלט.

יאָ, ער באַדאַרף נאָר מאַכן אַ קליינעם איבערגאַנג, בלויז עטלעכע טריט, איז וואָס איז דער אונטערשיד, צי ער וועט עס מאַכן אין אָוונט, צי ביינאַכט? קיינער טרייבט אים דאָך נישט און קיינער מאָנט אים גאָרנישט.

קין-פאָ האָט זיך אויפגעהייבן און איז אַרויס אין גאַס.

די זון איז שוין אונטערגעגאַנגען, אָבער אַ ליכטיקער הימל מיט בלאַסע שטערן איז געהאָנגען איבער שאַנכאַי. די שטאָט האָט זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט. דער טאָג-גערויש איז געפאַלן. מענטשן האָבן נישט געאיילט. עס זענען געגאַנגען כינעזער און אייראָפּייער. ווער עס האָט שטיל געשמועסט און ווער עס האָט זיך דורכגעדרונגען מיט דער שטילקייט פון אָוונט.

קין-פאָ האָט רויק געשפּאַנט, ווי אַ פּראָמענער, וואָס וואַרפט צום לעצטן מאָל אַ בליק אויף אַן אומבאַקאַנטער שטאָט.

ער איז געגאַנגען גאַס-איין, גאַס-אויס, אָן שום רעיונות אין קאָפּ, ווייל אַלץ האָט ער שוין פריער באַטראַכט און באַ-

רעכנט. ער איז געגאַנגען און האָט שטיל געאָטעמט און גע־קוקט מיט בלאַסע אויגן אין אָוונט אַריין.

צוויי אומבאַקאַנטע אַעראָפּלאַנען זענען אים פאָראָליע נאָכ־געגאַנגען, און ער האָט זיי תּחילת נישט באַמערקט. שפּעטער האָט ער זיך עטלעכע מאָל צופעליק אויסגעדרייט און יעדעס מאָל האָט ער געזען הינטער זיך צוויי קעפּ מיט פון ווייטן בלישטשעדיקע אויגן.

זיי האָבן אים אָבער נישט באַאומרויקט, און ער איז זיך אַלץ געגאַנגען זיין וועג, אָן אַ וועג, אָן אַ תּכלית, נאָר לייכט און שטיל און נישט ערדיש, קוקנדיק מיט די בלאַסע בליקן אין אָוונט אַריין.

עס זענען פאַרבייגעגאַנגען געבויגענע כינעזערינס, מיט קערב אויפן רוקן און מיט פּיצעלעך קינדער אין די קערב. עס זענען פאַרבייגעגאַנגען אַרעמעלייט, זעלנער, פראַנצויזישע גלחים...

ער האָט אַלץ ווייטער געשפּאַנט. נאָר ביים ברעג פון כואַן־פּו האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. דאָ זענען געזעסן מענטשן און האָבן פאַרבראַכט אונטערן פרייען הימל. מאַנכע האָבן געפּראַוועט אויפן ברעג אַ קליינטשיק כינעזיש סעודהלע מיט רייז און מיט פייגל־שע פליגעלעך... מאַנכע האָבן געשמועסט. אַנדערע האָבן גע־זונגען...

נישט ווייט פון ברעג האָט זיך געגליטשט אַ קליין שיפל. דערין איז געזעסן אַ יונגע טאַנקאַדערין. זי האָט געהאַלטן דעם רודער אין האַנט, די אויגן אויפגעהייבן צו דעם קלאָרן אָוונט־הימל. דאָס מיידל האָט געזונגען:

מיין שיפל איז באַפּוצט מיט בלומען.
עס וואַרט מיט מיר אויף מיין געליבטן.

װעסטו קומען, זאָג?

װעסט קומען! װעסט קומען!

דאָס האַרץ איז אַן עדות...

קין־פֿאָ האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ: דאָס מײדל האָט שײן געזונגען. ער האָט אַפֿילו געװאָלט גײן אַהײם, אָבער נישט װילנדיק, האָט ער זיך װײטער צוגעהערט. אין שטילן אָװנט האָבן זיך געגאָסן בלישטשעדיקע װערטער:

זוכט אַ בלימעלע אַ בלימעל

און אַ פֿײגל זוכט אַ פֿײגל,

און אַ װעלכל זוכט אַ חבר...

איך — זוך דיך!

װעסטו קומען, זאָג?

װעסט קומען! װעסט קומען!

מײנע אָרעמס רופֿן דיך!

מײנע שלײפֿן קלאַפּן אױס דײן נאָמען...

קין־פֿאָ איז נאָך אַלץ נישט געגאַנגען אַהײם, כאָטש עס איז שױן באַלד צײט געװען אַרײנצוגײן אינם פּאַלאַצל „לאַנג־לעבן“...

די טאַנקאַדערין האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿון אָרט. פֿון האַנט איז איר אַרױסגעפֿאַלן דער רודער. מיט אַ הױכער לײדנשאַפֿטלעכער נאָטע האָט זי פֿאַרענדיקט דאָס לידל:

איך דאַרף נישט דײן עשירות,

דײן גאָלדענע בעט,

דײן האָלדז־און האַנט־און שטערן־צירונגען...

פאר מיר איז גוט א ווינקעלע,
אן פרעם ווינקעלע,
א שאטנדיקס,
פאר מיר מיט דיר...
דער באנזע ווארט! א, טייערער,
ער וויל אונדז ביידן פריער בענטשן...

„מען דארף טאקע נישט קיין עשירות!..״—האט קין־פא געשעפטשעט.—„און דאס מיידל זינגט שיין, אבער... די געטלעכע מנוחה זינגט שענער...״

ער איז אוועק אהיים. די צוויי אייראפעישע שאטנס זענען אים נאכגעגאנגען. ער האט זיך נישט אומגעקוקט אויף זיי. אריין צו זיך אין צימער, האט ער אנגעשריבן צוויי בריוו פאר זיינע יורשים, איבערגעלאזט זיי אין קאנווערטן אויפן שרייבטיש, נאכדעם ארויסגענומען פון א טיש־שופלאדל א קליין קעסטעלע און דערמיט אוועק אינם פאלאצל „לאנגלעבן״.

ער האט געהאט מיט זיך אפיום און סם.

אין פאלאצל „לאנגלעבן״ איז געווען שפיל. ער האט אנגעצונדן א ליכט, און א לאנגער שאטן אויפן וואנט האט אים נאכגעקרימט אלע זיינע באוועגונגען...

קין־פא האט זיך געוואלט שרעקן—עס איז דאך זיין לעצטע מינוט!—און ער האט זיך נישט געשראקן. ער האט זיך געוואלט אויפרעגן—און האט זיך נישט אויפערעגט. א גלייכגילטיק הארץ האט אים געקלאפט אונטערן זיידענעם אויבער־בגד...

אפילו דער טויט האט אים נישט ארויסגעשלעפט פון זיין אפאטיע...

„דאס איז דאך משונה! דאס איז דאך ווילדז!״—האט ער

געשעפטשעט, האַלטנדיק אומבאַהאָלפן דעם סם אין דער האַנט.— „דער טויט לאָזט מיך קאַלט...״

ער האָט זיך אויפגעבערעגט דערפאַר, וואָס ער רעגט זיך נישט אויף... ער האָט געזוכט אַ שטאַרקע שפּירונג, אַ ווייטיק, אַ טיפן אַנגסט, טרערן, און האָט גאָרנישט געפונען...

יאָ, מיטן סם און מיטן אָפּיום קען מען דאָ שטאַרבן אין צימער, אָבער נישט מער, ווי דאָס. מען קען זיך נישט אויפרעגן. מען קען נישט איבערברעכן די אייגענע אַפּאַטיע, מען קען גאָרנישט איבערלעבן דערביי...

צו וואָס טויג אַזאַ איבערגאַנג פון לעבן אין טויט? עס גיט דאָך גאָרנישט!

קין-פאָ האָט אַ שליידער געטאָן דאָס קעסטעלע מיטן סם, האָט זיך פאַרקרימט, אַ קריץ געטאָן מיט די ציין, און, נישט פאַרלעשנדיק דאָס ליכט, איז ער אַרויסגעלאָפן פון פּאַלאַצל אין דרויסן.

עס איז געווען אַ וואַרעמע אויסגעשטערנטע נאַכט.

הויכעביימער זענען פאַרגליווערט געוואָרן אין שלאָף. אויף זייערע שפּיצן זענען געפאַלן טראָפּעלעך ליכט פון די שטערן. אויף רעכט און לינקס זענען שטום געלאָפן די בלאַסע שטעגעלעך פון די גאָרטנאַלייען...

דאָס טייכל איז געלעגן באַדעקט מיט אַ וואַרעמען צאַרטן נעבל. אפילו די ווילדע ברעג-סטאַטועס האָבן אויך געשלאָפן...

קין-פאָ איז געשטאַנען מיט אַן אָפּגעדעקטן קאָפּ און האָט נישט געוווסט, וואָס צו טאָן מיט זיך, מיט זיין לעבן און טויט...

„אָט, אַ פאַרשאָלטן הארץ!..״—האָט ער ווידעראַמאָל גע-

שפעטשעט. — „ס'איז גלייכגילטיק צו אלץ! די גלייכגילטיקייט איז מיין מחלה...“

אין א ווײַלע אַרום האָט ער זיך געזאָגט:

„איך וועל גיין צו וואַנגען! לאָמיר הערן, וואָס וועט ער מיר זאָגן?..“

און מיט אַ נאַקעטן קאָפּ, אין אויפגערעגטער דערפּאַר, וואָס ער רעגט זיך נישט אויף, איז ער אַרײַנגעלאָפן צו זיין יורש.

## ביים פילאָזאָף אין צימער:

דער פילאָזאָף איז נאָך נישט געשלאָפן. ער איז געלעגן אויף אַן אייראָפעישער קושעטקע און געלייענט דעם לעצטן נומער פון דער „פּעקינער צייטונג.“

די צייטונגען האָבן אים אייגנטלעך גאָרנישט געגעבן, חוץ עגמת־נפש. עפּעטער האָט ער דאָרט געפונען פאַלשע און זיס־לאַקריצדיקע אַרטיקלען וועגן דער פאַרהאַסטער דינאַסטיע טזין. מען האָט כסדר געלויבט דעם מלך, דעם הויף, דעם מלכס קינדער, און מען האָט געלויבט מיט פאַלשע ווערטער און מיט געמיינער הכנעה...

וואַנג האָט שוין אפילו לאַנג באַשלאָסן נישט צו לייענען מער דידאַזיקע „הינטישע בלעטער,“ ווי ער פלעגט זיי רופן, אָבער עס האָט אים אומפאַרשטענדלעך געצויגן צו זיי, מעגלעך אפשר דערפאַר, וואָס ער פלעגט זיך אַלע אָוונט, אויג אויף אויג, אַרומקריגן מיט זיי ביי זיך אין צימער, וואַרפן זיי אויף דער פּאָדלאָגע, טרעטן זיי מיט די פיס, און אויפהייבן זיי צוריק, פונקט ווי לעבעדיקע ברואים, און געענדיקט האָט זיך עס

יעדעס מאָל דערמיט, וואָס ער פלעגט דערשפּירן אַ שטאַרקן ווייטיק אין האַרצן, כאָטש די צייטונגען פלעגן אים ליגן צוּ־ריסענע און צעפליקטע ביי די פיס...

די צייטונגען זענען געווען שטאַרקער פאַר אים און אַלע טאָג פלעגן זיי קומען נייע און פרישע פון פעקין, בעת ער האָט זיך געעלטערט...

דער אַלטער פאַרביסענער פילאָזאָף האָט שוין געוואָלט נעמען פליקן די צייטונג, וואָס ער האָט געהאַלטן אין די הענט, אָבער אין צימער איז פלוצלונג אַריינגעלאָפן קין־פאָ און האָט זיך נישט באַלד אָוועקגעזעצט געלאַסן און רויק, ווי זיין שטייגער איז געווען, נאָר ער איז צוגעגאַנגען צו וואַנגען און בעפרעגט:

„ליבער וואַנג, דו וואָלסט מיר געוואָלט טאָן אַ טובה!"

„כאָטש צענטויזנט טובות!" — האָט דער פילאָזאָף געענט־פערט, אָוועקוואַרפנדיק די צייטונג. — „רעד, לאָמיר הערן, וואָס פאַרלאַנגסטו? איך בין נייגעריק, מיין ליבער..."

קין־פאָ האָט זיך דאָך אָוועקגעזעצט און האָט אָנגענומען דעם פילאָזאָף פאַר דער האַנט.

„וואַנג," — האָט ער געזאָגט, — „די טובה איז אַזאַ, אַז מען קען זי נאָר איינמאָל טאָן, נישט מער... פון די איבעריקע ניינ־טויזנט ניינהונדערט ניינאונניינציק טובות באַפריי איך דיך... אָבער איך בין דיך מתרה: דיין טובה וועט נישט באַצאָלט ווערן מיט דאַנקבאַרקייט..."

וואַנג האָט געשמייכלט.

„דער גרעסטער חכם אין דער וועלט וואָלט דאָ קיין איין וואָרט נישט פאַרשטאַנען פון דעם, וואָס דו רעדסט... רעד מיר עטוואָס קלערער. צום אומגליק, פאַרשטייען זיך מענטשן

באַר דורך קלאָרקייט..."

קין-פאָ האָט זיך מיטאַמאָל אָנגעבויגט צו אים און געזאָגט:

„ליבער וואַנג, איך בין פאַראָרעמט געוואָרן..."

„אַזוי?" — האָט דער פילאָזאָף אַ צי געטאָן מיט די ליפּן, אָן התפּעלות — „פאַראָרעמט געוואָרן... און דאָס גאָר?"

„און דאָס גאָר!.."

„ביזטו שוין נישט מער דער רייכער קין-פאָ?"

„ניין," — האָט זיין תּלמיד געשמייכלט, — „איך בין דער אָרעמער קין-פאָ. מיינע מאַיאָנטקעס זענען אפילו שיין, אָבער זיי זענען גאָרנישט ווערט... מיינע קאַפּיטאַלן, וואָס איך האָב געהאַלטן אין דער „צענטראַל-באַנק פון קאַליפאָרניע," האָבן געפּלאַצט, ווי דיניטשקע גלעזלעך... די באַנק צאָלט שוין נישט מער... זי האָט באַנקראָטירט..."

דער פילאָזאָף האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געצויגן מיט די ליפּן.

„אויב אַזוי, איז דאָך זייער גוט, מיין טייערער! דו וועסט דאָך געראַטעוועט ווערן. ביז אַהער האָסטו געלעבט אַ לעבן אָן טעם, אָן זין, אָן ליידנשאַפט... די גלייכגילטיקייט האָט דיך פאַרשלונגען! איצט וועסטו ערשט אָנהייבן צו לעבן!"

וואַנג האָט זיך אויפגעהייבן פון התפּעלות, די אויגן האָבן אים געברענט. ער איז געלאָפן אַהין און צוריק און בעת מעשה געשאָטן מיט ווערטער:

„דו פאַרשטייסט, מיין האַרציקער קין-פאָ, מיר וועלן ביידע אַרבעטן! מיר וועלן ביידע פאַרדינען אונדזער ברויט... דאָס איז דאָך עפּעס אַ גרויסער תּענוג, מיין טייערער!.. נון-שובם לערנט אונדז: פאַראַן מענטשן גליקלעכע און אומגליקלעכע,

אָבער דאָס מזל ד־האָלט זיך אין איין דרייען און דאָס פרי־לינגסווינטל איז תמיד פארעטעריש.. דאָס לעבן באַשטייט פון שטענדיקע ענדערונגען: דאָ גוט, דאָ שלעכט... פאר דיר, מיין טייערער, איז דאָס שלעכטע דווקא גוט... עס וועט זיך אָנהייבן אַ ניי אינטערעסאַנט לעבן! מיר וועלן אַוועקפאָרן פונדאַנען!..״

קין־פּאָ האָט אים אָפּגעשטעלט צוזאַמען מיט זיין ווער־טערשטראָם.

„אָבער וואַנג,״—האָט ער געזאָגט,—„עס וועט זיך גאָרנישט אָנהייבן, וויל...״

„ווייל דו ווילסט ?..״ — האָט אים וואַנג אַ טרייסל געטאָן.

„שטאַרבן!..״—האָט יענער פארענדיקט.

וואַנג האָט אים אָנגעקוקט.

„הם.. שטאַרבן... אָבער דער מענטש, וואָס וויל פארענ־דיקן מיטן לעבן, רעדט דאָך קיינמאָל נישט דערפון... אַז מען רעדט, איז אַ סימן...״

קין־פּאָ האָט אים איבערגעשלאָגן:

„קיין שום סימן, מיין ליבער פילאָזאָף... איך האָלט עס שוין געהאַט געטאָן, ווען איך האָלט מיך אויפגערעגט אַ ביסל... איך האָב אָבער געהאַט אַ גלייכגילטיק האַרץ... קיין שום צער האָט מיך נישט אָנגערירט... איך בין ברוגז געוואָרן אויפן טויט און בין אַוועקגעלאָפן צו דיר: איך האָב געוואָלט הערן, וואָס וועסטו מיר זאָגן אין אַזאַ מאָמענט ?...״

וואַנג האָט רויק געפרעגט:

„קין־פּאָ, אפשר ווילסטו, מיר זאָלן שטאַרבן צוזאַמען ?...״

„ניין,״—האָט זיין תּלמיד געענטפערט,—„איך וויל, אַז דו זאָלסט לעבן, און אומבאַדינגט לעבן!״

„נאָר וואָס ?"

קין-פאָ האָט שטיל און קלאָר געזאָגט:

„נאָר דו זאָלסט מיך טויטן... באַלד אויפן אָרט טויטן..."

דער פילאָזאָף האָט צוויי מאָל אַדורכגעשפּרייזט דאָס צי-מער און האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער אייראָפּעישער קו-שעטקע. עס איז געווען טויטשטיל און ער האָט געפרעגט:

„און דאָס איז די טובה, וואָס דו פאַרלאַנגסט פון מיר ?"

„יאָ, מיין ליבער פריינט..."—האָט דער תּלמיד געענטפערט.— „דאָס איז די טובה, וואָס קען נישט באַצאָלט ווערן מיט דאַנק באַרקייט..."

דער פילאָזאָף האָט פאַרויכערט זיין לאַנגע כינעזישע ליל-קע און האָט ווידעראַמאָל געפרעגט:

„אַלזוי, וואָס באַדאַרף איך טאָן ?..."

קין-פאָ האָט אייליק געענטפערט:

דער 25-סטער יוני און דער 28-סטער טאָג פון דער זעק-סטער לבנה, וואַנג, איז דער טאָג, ווען איך דאַרף אויפהערן צו לעבן. קין-פאָ טאָר שוין דעמאָלט נישט אַרומגיין אויף דער וועלט... די זאַך איז אַ פּשוטע, וואַנג: דו באַדאַרפסט מיך טויטן... דו קענסט מיך דערהרגענען פון פאָרענט אָדער פון הינטן, בשעת איך שטיי, צי איך גיי, צי איך ליג, צי איך זיץ, צי איך בין וואַך, צי איך שלאָף... דו קלויבסט דיר אויס אַ מאָמענט, ווען דיר איז באַקוועמער, וואַנג..."

קין-פאָ האָט צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן גערעדט מיט איבערצייגונג, אַפילו וואַרעם. אין אַ ווייַלע אַרום האָט ער צו-געגעבן, אויפהייבנדיק זיינע קליינע, ווייסע הענטלעך:

„ביז דעם 25-סטן יוני, וואַנג, האָב איך נאָך פינפאונפופציק טעג, דאָס הייסט אַכציקטויזנט מינוטן צו לעבן... איך וויל מיך

שרעקן, וואַנג, איך וויל, אַז אַ פּחד, אַ פּיינלעכער פּחד זאָל מיך באַהערשן, אַ שווערער צער זאָל מיך אָנפילן, אַז אָט, אין אַ ליאַ-דע מינוט פון די אַכציקטויזנט מינוטן קען איך פּלוצלונג מיטאַמאָל געטויט ווערן פון פאַרגס, צי פון הינטן, צי גייענדיק, צי ליגנ-דיק... דער טויט, וואַנג, וועט זיך אַזוויאַרום באַוועגן מיט מיר רגע אין רגע, טריט אין טריט... איך וועל מיך, מסתמא, אויפ-רעגן, וואַנג, און וועל דאָס ערשטע מאָל דערשפּירן, אַז איך לעב... וואַנג, פאַר אַ רגע לעבן בין איך גרייט איבערצוטראָגן טויזנט טויטן אויף זיך! דו פאַרשטייסט מיך, פריינט? גיב מיר פּחד, גיב מיר פּיין, גיב מיר צער!"

קין-פאָ האָט אומישנע אויסגעקליבן דעם אויבנדערמאָנטן טערמין, ווייל אין זעקס טעג אַרום, נאָך דעמדאָזיקן טערמין האָט מען באַדאַרפט ווידער איינצאָלן אַ גרעסערע סומע אין דער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט. קין-פאָ איז געווען זייער אַ פּינקטלעכער מענטש און האָט געוואָלט, אַז די ירושה פון זיינע יורשים זאָל בשום אופן נישט גיין פאַרלאָרן. ווען ער אָבער בלייבן לעבן, וועט די ירושה זיכער פּלאַצן, ווייל עס וועט נישט זיין מיט וואָס איינצוצאָלן אין דער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט.

דער פילאָזאָף האָט אים רויק אויסגעהערט. ער איז גע-זעסן אויף דער אייראָפּעישער קושעטקע, די הענט פאַרלייגט אויפן בויך און האָט געקוקט דעם תּלמיד גלייך אין די אויגן אַריין. ער האָט אָבער גאָרנישט געזאָגט און קין-פאָ האָט גע-פרעגט:

„נו, ווי האַלט עס מיט דער טובה, וואַנג?"

דער פילאָזאָף האָט אים נישט באַלד געענטפערט.ביידע האָבן געשוויגן און געקוקט איינאַנדער אין די אויגן אַריין. דרויסן האָט שוין געטאָגט. אַ גרינען באַגינען איז געפאַלן

אויף די פענסטער. דער פילאָזאָף האָט געפרעגט:

„אָבער, מיין ליבער, דו זאָגסט זיך אָפּ פון אונדזער ד'הייליקן געזעץ, צו דערהאַלטן דאָס לעבן ביז דעם באַשערטן טויט?"

„איך זאָג מיך אָפּ!"

„און באַדויערסט גאָרנישט?"

„און באַדויער גאָרנישט..."

דער פילאָזאָף ד'האָט אָנגענומען זיין תּלמיד ביי דער האַנט.

„און די יונגע אַלמנה פון פּעקין, קין-פּאָז... געשיקט זיך עס, אַז דו זאָלסט פאַרגעסן דאָס פּרעכטיקע ווערטל: בלימל צו בלימל,ביימל צו ביימל... די ליבע פון צוויי הערצער ניט הונדערט יאָר פּרילינג..."

דער תּלמיד האָט ביטער געשמייכלט.

„יאָ, ד'הונדערט יאָר פּרילינג, אָבער דרייהונדערט יאָר הערבסט און ווינטער... פאַרקערט, איך טו נאָך אַ טובה דער אָרעמער ליע-או, וואָס איך גיי אַוועק פון איר: ביי מיר וואָלט זי געפינען בלויז צער און אַנגסט. מיט מיר — צער און אַנגסט און דלות, און אָן מיר, לפּחות, עשירות... זי איז מיין יורשטע אין דער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט... פאַרשטייסט, וואַנג?

„אַזוי גאָר?"

„און דו אויך, וואַנג... דו באַקומסט אויך אַ גרעסערע סומע... אָבער אַלץ נישט דורך מיין לעבן, נאָר דורך מיין טויט..."

„אָ, דו האָסט, זע איך, אַלץ באַזאָרגט," — האָט דער פילאָזאָף געשמייכלט.

„נאָכמער: דו וועסט אפילו קיין שום שטראָף נישט באַ-

קומען פאַר דער טובה, וואָס איך בעט דיך... איך האָב דאָס אויך באַזאָרגט. דו קענסט מיך טויטן מיט אַ רויק געוויסן..."

דער פילאָזאָף האָט געמאַכט אַ זויערע מינע.

„אַ טובה אָן איינשטעלעניש איז, מיין טייערער, קיין טובה נישט... ס'איז גאָרנישט?"

קין-פאָ האָט געזאָגט:

„ניין, וואַנג, איך וויל דיך פאַרהיטן... דו טאָרסט נישט ליידן צוליב מיר."

און מיט דידאַזיקע ווערטער האָט ער זיך צוגעזעצט צו איינעם פון די קליינע שרייבטישלעך און האָט אָנגעשריבן אויף אַ פאַפיר עטלעכע שורהלעך.

דאָס פאַפיר האָט ער באַלד איבערגעגעבן דעם פילאָזאָף.

וואַנג האָט בעסער צוגעדריקט דאָס שפּאַקולן-בריקעלע צו דער נאָז, אַריינגעקוקט אין פאַפיר אַריין און געלייענט:

„איך אליין בין שולדיק אין מיין טויט. דאָס לעבן איז מיר נמאס געוואָרן."

קין-פאָ."

דער פילאָזאָף האָט געפרעגט:

„דו מיינסט עס טאַקע ערנסט?"

„ערנסט, וואַנג, זייער ערנסט."

„וועל איך אויך זיין ערנסט, קין-פאָ."

„גיסטו מיר, אַלזוי, דיין וואָרט, וואַנג?"

„יאָ, קין-פאָ."

„האָב איך אַזויאַרום צו לעבן נאָר ביז דעם פינפאון-צוואַנציקסטן יוני, וואַנג?"

„עס שיינט אַזוי... זיי נאָר דערווייל אַ מענטש!"

קין-פאָ האָט זיך אויפגעהייבן און האָט דערלאַנגט דעם

פילאָזאָף די האַנט.

„אַדיע, וואַנגו!"

„זיי מיר געזונט, קין־פאָ!"

ביידע האָבן זיך געדריקט די הענט.

קין־פאָ האָט רויק פאַרלאָזט דעם פילאָזאָפס צימער. ער־געץ ווייט, ווייט האָבן הענער געקרייט. אין דעם כינעזישן טייל פון שאַנכאַי האָבן זיך שוין געהערט טאָג־קלאַנגען. דאָרט האָט זיך שוין אָנגעהייבן אַ באַוועגונג.

וואַנגס תלמיד האָט געוואָלט שלאָפן.

# עס מאכט זיך א פּלאָנטער:

צומאָרגנס האָט וויליאַם בידולף געלאָזט צֿריינרופן זיינע בחיי אַגענטן, קרעג און פריי, צו זיך אין קאַבינעט אריין און זיי אויסגעפרעגט:

„וואָס קענט איר מיר זאָגן וועגן דעם ענין, וואָס איך האָב אייך איבערגעגעבן?"

קרעג האָט געענטפערט:

„מיר האָבן אים נעכטן נאָכגעשפּירט... דער מענטש האָט כסדר אַרומגעשפּאַנט איבער די גאַסן... נאָכדעם איז ער געשטאַנען אויפן ברעג און זיך צוגעהערט, ווי אַ מיידל זינגט אויפן טייך..."

און פריי האָט צוגעגעבן:

„ער מאַכט אַן איינדרוק פון אַ מענטשן, וואָס וויל פאַרענדיקן מיטן לעבן. איך דערקען שוין דיזאָיקע לייט... זיי גייען אַנדערש, זיי שטייען אַנדערש... פון די אויגן קוקט זיי אַרויס דער טויט, די קאַלטע לעבנס-חרטה..."

„נאָכדעם האָבן מיר אים באַגלייט צו זיין סאַמע ביזן שוועל" — האָט קרעג געזאָגט.

דער בידולף האָט געפרעגט:

„און היינט אינדערפרי?"

און קרעג האָט געענטפערט:

„היינט אינדערפרי האָט ער זיך געפילט...

„ווי אַ רשע אויף יענער וועלט!..."—האָט פריי פאַרענדיקט זײַן חבר.

די אַגענטן קרעג און פריי זענען געווען צוויי טיפּישע אַמעריקאַנער. ביידע האָבן אַ לענגערע צייט געאַרבעט אין דער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט און ביידע זענען געווען ענלעך צו איינאַנדער, ווי צוויי טראָפּן וואַסער. און ענלעך זענען זיי געווען נישט בלויז מיטן פּנים, מיט די זשעסטן, מיטן גאַנג, נאָר אויך מיטן לשון, מיט די רעיונות, מיטן געלעכטער. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי דאָס וואָלטן געווען פיר הענט, פיר פיס און צוויי פּנימער, וואָס געהערן צו איין גוף און איין נשמה... אַ צונויפגעוואַקסענער צווילינג, וואָס אַ געניאַלער כירורג האָט מיט דער געניטער האַנט און מיטן שאַרף פון אַ מעסער צעהאַקט אויף צווייען און אַזויאַרום געלאָזט איין מענטשן גיין באַזונדער מיט צוויי פּאָר פיס...

דער הויפּטאַגענט האָט ווידער געפרעגט:

„איינגעשלעך האָט איר נאָך נישט אַריינגעדרונגען צו אים אין הויז?"

„נאָך..."—האָט קרעג געזאָגט.

„נישט!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

„דאָס וועט אפילו זיין שווער,"—האָט הער בידולף באַמערקט—„אָבער דאָס איז אומבאַדינגט. אונדזער געזעלשאַפט טאָר בשום אופן נישט פאַרלירן קיין 200,000 דאָלאַר... די אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט דאַרף נאָר פאַרדינען, אָבער נישט צולייגן.

און דזריבער טאָר מען אים נישט אַרויסלאָזן פון אויג גאַנצע צוויי חדשים צייט! מען מוז אים היטן, דעם העכט, סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. ער מוז זיין אונטערגעוואָרפן אונטער אַ שטאַרקער שמירה...

„ער האָט אַ באַדינער...״—האָט קרעג געזאָגט.

„מיט וועלכן מען קען שטיין אין פאַרבינדונג״— האָט פריי פאַרענדיקט.

„און אַזויאַרום וואָלט מען געקענט וויסן...״— האָט קרעג געזאָגט.

„וואָס עס טוט זיך ביי אים אין הויז!״—האָט פריי פאַרענדיקט.

הער בידולף האָט אַ צי געטאָן מיט די ליפּן און אַ פייף געטאָן.

„אָט, זעט איר, אָט דאָס איז דאָס בעסטע...—האָט ער צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.—„דורכן באַדינער... איר פאַרשטייט? מיט אַ ביסל געלט קען מען אַלץ... געלט עפנט אַ טיר, אפילו אַ פאַרשלאָסענע אויף זיבן שלעסער... איך דאַרף דאָך אייך נישט לערנען... איר זענט דאָך עפּעס דורכגעטריבענע יונגען!.. נעמט דעם באַדינער אין דער אַרבעט אַריין...״

„דאָס איז...״—האָט קרעג געזאָגט.

„שוין אונדזער זאַך!״—האָט פריי פאַרענדיקט.

אין דעמזעלבן טאָג האָבןביידע חברה־לייט גענומען סונען אין דער אַרבעט אַריין. עס איז זיי נישט שווער אָנגעקומען. סון, אַז ער האָט נאָר דערהערט דעם קלאַנג פון געלט, האָט ער באַלד פאַרגעסן טאַטע־מאַמע און איז גאָר צעמישט געוואָרן. די אַגענטן האָבן אים לייכט אויסגעפרעגט און אויסגעשמעקט און זענען אַפילו אַריינגעקראָכן אים פאַלאַץ פון קין־פּאָ.

זיי האָבן גענומען סונען אויפֿן צימבל, אַזוי פֿאַוואָליע, פֿון דער זייט. מען האָט אים לייכט געפֿרעגט:

„האָט טאַקע קין־פֿאָ געענדערט זיין אַרט לעבן?"

„ניין, לעבן לעבט ער, ווי פֿריער, ווי אַלעמאָל, אלא, וואָס, ער איז געוואָרן בייז, ווי אַ בין און שלאָגט דעם לייבדינער מכּת־רצח... פֿאַר דעם קלענסטן חטא בויקערט ער אים די ביינער, ממיתט אים אָן רחמנות און קלאַפּט אים מיט אַ שטעקן איבערן רוקן... ער האָט אים קיינמאָל נישט אַזוי געשלאָגן, ווי איצט."

„האָט קין־פֿאָ געוועּר ביי זיך?"

„ניין. קיין געווער האָט ער ביי זיך נישט. ער האָט עס פֿיינט און אינטערעסירט זיך נישט מיט דעם."

„וואָס עסט ער, אַ שטייגער?"

„אָט, ער עסט, וואָס אַלעמאָל. ער האָט ליב גוטע מאכלים..."

„ווען איז ער, אַ שטייגער, היינט אויפֿגעשטאַנען?"

„אויפֿגעשטאַנען איז ער שפּעט... ער האָט ליב צו שלאָפֿן..."

„איז ער אומעטיק, פֿאַרדאגהט, ווי אַ מענטש, וואָס איז נישט צופֿרידן מיטן לעבן?"

קיין פֿריילעכער איז ער קיינמאָל נישט געווען. אָבער איצט איז ער עפּעס אַ ביסל ניע בע, ניע מע... דער מענטש, זעט מען, וויל עפּעס, אָבער מען קען נישט וויסן, וואָס..."

„אפשר טראָגט ער זיך אַרום מיט סם אין קעשענע? סון האָט עס נישט באַמערקט?"

„ניין, דאָס אויך נישט... ער האַלט נישט פֿון די זאַכן. אין די קעשעניש האָט ער על־פּי־רוב געלט אָדער פּאַרוואַל־גערטע בריוו..."

די אַגענטן האָבן אָפּגעלאָזט סונען, און הער בידולפֿן איז תּיכּף איבערגעגעבן געוואָרן דער גאַנצער שמועס וואָרט אין וואָרט. דער הויפּטאַגענט איז געווען זייער צופֿרידן, האָט ווילעוויין זיך

געריבן מיט הנאה די הענט און ברייט געשמייכלט. דאָך האָט ער זיינע צוויי אַגענטן נישט באַפרייט פון דער שמירה.

„פאַרקערט,״ — האָט ער געזאָגט, — „וואָס רויקער עס זעט אויס פון דרויסן, אַלץ מער באַדאַרף מען אים היטן... מען טאָר די אויגן נישט אַראָפּנעמען פון אים. צוויי חדשים צייט דאַרף ער עסן, טרינקען, שלאָפן און שפּאַצירן אונטער אונדזערע אויגן... איר פאַרשטייט? נאָר איר זענט דאָך ווילדע יונגען און מען דאַרף אייך אַ פינגער אין מויל נישט אַריינלייגן... דער עיקר — עס דאַרף שטענדיק קלינגען אַ ביסעלע געלט, אַ ביסעלע...״

„איר מעגט...״ — האָט קרעג געזאָגט.

„זיין רויק!״ — האָט פריי פאַרענדיקט.

קין-פאָ האָט זיך באמת ווייניק געענדערט אין דער לעצטער צייט. דאָך אָבער מוז מען מודה זיין, אַז ער האָט זיך יאָ אַ ביסל געשראָקן... ס׳איז דאָך פאָרט נישט קיין שפּילכל, ווען עס הענגט אַ שאַרף מעסער איבערן קאָפּ און מען ווייס נישט גענוי, ווען דעמדאָזיקן מעסער וועט זיך פאַרגלוסטן איבערצוהאַקן דעם קאָפּ. ס׳איז רעכט איצט און ס׳איז רעכט אין אַ ווײַלע אַרום און ס׳איז רעכט מאָרגן אָדער אין אַ וואָך אַרום...

פון יענער נאַכט אָן האָט ער זיך מיטן פילאָזאָף בכלל ווייניק געזען, אָבער ער האָט אים די גאַנצע צייט געשפּירט מיט דער פּלייצע, מיט דער הויט פון דער פּאַטילניצע...

ביידע האָבן געמיטאָגט ביי איין טיש. איינער פון זיי האָט באַדאַרפט זיין דער רוצח און דער צווייטער דער קרבן. אָבער ביידע האָבן געשוויגן מיט דעם שווערן שטייפן שווייגן פון כינעזער. פריער אַ פריילעכער, אַ וויציקער, און אַ שאַרפ-

זיניקער, האָט זיך איצט דער פילאָזאָף אינגאַנצן פאַרשלאָסן אין זיך און האָט געקוקט מיט טריבע אויגן אַרום זיך...

די ערשטע צייט האָט קין-פאָ געמיינט, אַז דער פילאָזאָף חיל אים מסתּמא פאַרסמען, האָט ער אומישנע געפּרוווט פון אַלע מאכלים, וואָס מען האָט אַנידערגעשטעלט אויפן טיש. ער האָט געגעסן, ווי אַ וואָלף. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געגעסן אַזויפיל, אָבער ער האָט זיך נישט פאַרסמט.

דעמאָלט איז אים איינגעפאַלן, אַז וואַנג וויל אים צומאַכן די אויגן נישט אין פּאַלאַץ, נאָר ערגעץ הינטער דער שטאָט, אין אַ זייטיקן דערפל, צי אין אַ וואַלד.

און כדי צו פאַרלייכטערן דעם פילאָזאָף, האָט זיך קין-פאָ גענומען אַרומשלעפּן איבער פאַרוואָרפענע דערפער און וועלדער, אַרומגעקראָכן איבער פרעמדע, שטילע ישובים און אַלץ געוואַרט אויפן טויט, וואָס דאַרף קומען פון וואַנגס האַנט... און ער האָט אַזוי לאַנג געוואַרט, ביז ער איז צוגעוויינט געוואָרן צו דעמדאָזיקן וואַרטן...

און עס איז אויסגעקומען אַזוי, ווי ער וואָלט אָפּגעגעבן זיין גוף אויף הפקר, און די נשמה האָט זיך שטיל געפרייט אין אים...

פאַרטאָג פלעגט ער קומען אַהיים, אַ צעפרידענער, אַ באַוועגלעכער און אַ געזונטער — געזינטער, ווי אַלעמאָל. ער האָט געשפּאַנט מיט זיכערע טריט און האָט קיינמאָל נישט אויסגעדרייט דעם קאָפּ אַהינטער... און דערפאַר האָט ער טאַקע קיינמאָל נישט באַמערקט די צוויי אַגענטן, וואָס זענען אים תּמיד נאָכגעגאַנגען, ווי הינט, טראָט אין טראָט.

און ביסלעכווייז האָט ער אינגאַנצן פאַרגעסן אין טויט, ער האָט גוט געשלאָפן, גוט געגעסן און גוט געלעבט.

אָבער דעם 12־טן מאַי האָט אים דער טויט פּלוצלונג און צופעליק אַ ווונק געטאָן מיט אַ בייניקן פינגער, און ער האָט דערשפּירט דאָס האַרץ.

אינדערפרי איז ער אָן שום זייטיקע כוונות אַריין אויף די שפּיץ פינגער צום פילאָזאָף אין צימער.

וואַנג איז בעת מעשה געזעסן מיט די גרויסע שפּאַקולן אויף דער נאָז און האָט געהאַלטן אַ לאַנגן חלף אין האַנט...

ער האָט שטיל און ערנסט באַטראַכט דעם חלף פון ביי־דע זייטן און נאָכדעם געפּרוווט מיט אַ פינגער דעם שאַרף...

און נאָכדעם האָט ער אים באַנעצט מיט עפּעס אַ געהיי־מער בלויער פליסיקייט פון אַ טונקעלן פלעשעלע...

און נאָכדעם, ווידער, האָט ער זיך אויפגעהייבן, און, נישט באַמערקנדיק קין־פּאָס אַריינקומען, האָט ער גענומען פּאַטשן אין דער לופטן מיטן בליציקן חלף...

ער האָט פאַרביסן די ציין, פאַרקנייטשט דעם דהויכן שטערן, אויסגעבויגן דעם רוקן און מיט אַ מינע פון אַ גזלן כסדר געפּאָכעט מיטן חלף אין דער לופטן...

עס איז געווען קלאָר, אַז מען טאָר זיך אים איצט נישט אונטעררוקן אונטער דער האַנט. אין אים איז, קענטיק, אויפגע־שטאַנען דער אַלטער רעוואָלוציאָנער, דער אַמאָליקער מורד, וואָס האָט געשלאָפן אין נאָרעס און גריבער, אָן אַ העמד אויפן לייב, מיט אַ ליידיקן מאָגן, וואָס האָט מיטן גאַנצן פייער פון זיין אומרויקן גוף געוואָלט אומוואַרפן די פאַרהאַסטע מאַנדזשו־רישע דינאַסטיע. אין די זשעסטן מיטן חלף האָט מען איצט גע־קענט זען דעם אַמאָליקן געפערלעכן וואַנגען, וואָס די אייראָפּעי־שע קאָמיסאַרן האָבן אים אַרומגעזוכט און געוואָלט קעפּן...

„מסתּמא וועט עס היינט געשען...״—האָט זיך קין־פּאָ גע־

זאָגט אין דער מחשבה און האָט זיך אויף די שפּיץ פינגער, ווי אַ שאָטן, אַרויסגעגנבעט פון צימער.

אַ גאַנצן טאָג איז וואַנגס תּלמיד נישט אַרויס פון פּאַלאַץ אין דרויסן. ער איז געזעסן, געלעגן, געטראַכט, געשפּרייזט אויף און אָפּ...

דער פילאָזאָף איז אָבער נישט געקומען, דער טאָג איז אַריבער און ביינאַכט האָט קין-פּאָ געשלאָפן...

אינדערפרי, אַז ער איז אויפגעשטאַנען, איז ער שוין געווען אַ ביסל בייז אויפן פילאָזאָף: דאָס הייסט זיך שוין גע-רייצט מיט אים!... אַזוי האַנדלט מען נישט. צען טעג זענען שוין אַריבערגעלאָפן, און מען קען נאָך אַלץ נישט וויסן, וואָס ער האָט דאָרטן באַשלאָסן מיט זיין פילאָזאָפישן קאָפּ.

„פאַר דער צייט האָט מען שוין געקענט אָוועקלייגן הונ-דערט קין-פּאָס, און ביי וואַנגען ציט זיך עס, ווי פון קליי," — האָט קין-פּאָ געטראַכט און זיך עטוואָס אויפגערעגט.

אָבער אויך וואַנג איז שוין נישט געווען אַזוי רויק, ווי אַלעמאָל. ער האָט זיך אויך אויפגערעגט. מען האָט געזען, ווי דער מענטש קען נישט איינזיצן אויף איין אָרט, ווי עס טראָגט אים משונה אַרום פון איין אָרט אויפן צווייטן, פּונקט ווי אַ רוח וואָלט אים פאַרכאַפּט.

חוצדעם, האָט מען באַמערקט, ווי דער פילאָזאָף קומט עפּ-טער אַריין אין זאַל פון די אָבות און פאָרעט זיך דאָרטן מיט אַ טרומנע. וואָס וויל ער, דער פילאָזאָף? וואָס האָט ער פאַרטראַכט?

סון, וואָס האָט בגנבה צוגעזען, ווי דער פילאָזאָף שוויצט אַרום דער ליידיקער טרומנע, האָט אין אָוונט, ווען ער איז אַריין צו קין-פּאָ אין צימער, געגומען פּלוידערן, ווי אַ שיכורער. ער

האָט זיך באַלעקט און געהאַקט מיט התפעלות:

„אַי, אַ טרומבעלע האָב איך געזען... אַ מחיה! אַ גן-עדן!... בעסער ווי אַ בעט, ווי צען קישנס!... מען קען אויסרוען די ביי-נער! מען קען זיך גוט אויסשלאָפן! דער האַר וואַנג מאַכט זיך דאָרט באַקוועם... אָבער ווער דאַרף עס שטאַרבן?"

קין-פאָ האָט אים שטיל צוגעהאָרכן:

„גיי אַרויס פונדאַנען, דו ביזט מיר דערווידער. איך ליד דיך נישט."

סון האָט פאַרלאָזט דאָס צימער מיט אַ בוקנדיקן קאָפּ און קין-פאָ האָט זיך געלייגט שלאָפן.

דער 13-טער, 14-טער און 15-טער מאַי האָבן אַדורכגע-שלייכט פאַר די אויגן שטיל און רויק, ווי אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָר. וואַנג וויל אים, אַפנים, נישט בלויז טויטן, נאָר אויך גוט פאַרפייניקן מיט אויסדויער, מיט קאַלטע לאַנגע הכנות. מילא, זאָל זיין אַזוי. יעדער טוט, ווי ער פאַרשטייט און יעדער האָט זיינע מיטלען און זיינע וועגן. קין-פאָ קאָן דאָך נישט לערנען דעם פילאָזאָף, ווי אַזוי יענער זאָל אים טויטן...

ס'איז ווידער צוגעפאַלן די נאַכט.

און עס איז געווען אַ שווערע נאַכט מיט חלומות און קאָשמאַרן. אינדערפרי איז קין-פאָ אויפגעשפּאָנען אַ בייזער.

די ערשטע פאַרציע האָט געכאַפּט סון, וואָס איז געקומען אָנטאָן זיין האַר.

קין-פאָ האָט געשריען נישט מיט זיין קול:

„אַרויס פונדאַנען, היגטישער ביין דו! איך ליד דיך נישט!..."

סון האָט געמאַכט אַ נעבעכדיקע מינע און האָט זיך גע-נומען בעטן:

„אָבער מיין האַר!... מיין האַרצלע, דער הימל זאָל אייך באַשיצן!...

און קין-פאָ האָט אַלץ געשריען:

„אַרויס, דו כּלב! אַוועק פון מיינע אויגן!"

„אָבער... אָבער איך וויל עפּעס זאָגן... נישט מער ווי זאָגן...

זאָל די האַנט מיר אַזוי דינען..."

„וואָס ווילסטו זאָגן?"—האָט קין-פאָ געפרעגט.

„דער האַר וואַנג..."

קין-פאָ האָט אָנגעכאַפּט דעם ליבזינגער פאַרן קאָלנער און נישט פאַרן צאָפּ. פון האָט שוין נישט געהאַט קיין צאָפּ: קין-פאָ האָט אים אָפּגעשניטן פאַרן פאַרשפּעטיקטן בריוו.

„רעד, אויסוואורף, רעד גיכער!" — האָט קין-פאָ געשריען.

און סון האָט גענומען שטאַמלען, אַ צוגעהאַלטענער בײַם קאָלנער, ווי אַ גנב:

„דער האַר וואַנג... גענומען... און איבערגעטראָגן די טרומנע... די בּרייטע טרומנע... אַ מחיה... איבערגעטראָגן זי אינם פּאַלאַץ „לאַנגלעבן..."

קין-פאָ האָט אָפּגעצויגן דעם אָטעם.

„איצט קענסטו גיין," — האָט ער אים אָפּגעלאָזט.— איך שלאָג דיך נישט..."

און ער האָט אים נאָך אַרײַנגערוקט אַ מטבע אין האַנט אַרײַן.

סון איז אַרויס פון צימער זייער אַ פאַרחידושטער.

„נישט אַנדערש, ער איז משוגע, מיין האַר," — האָט ער געשעפּטשעט. — אַ מענטש — איז ער דאָ אַזוי און דאָ אַזוי... משוגעת!"

איצט איז שוין קין-פאָ געווען זיכער, אַז וואַנג ועט פּינקט-לעך אויספירן זיין „שטיקל אַרבעט”. די קאַטאַסטראָפע איז אומפאַרמיידלעך. ווי אַ טיפער מענטש, ד'האָט דער פילאָזאָף דווקא אויסגעוויילט דאָס פאַלאַצל „לאַנגלעבן”, ווו קין-פאָ האָט פריער געוואָלט זיך קירצער מאַכן דאָס לעבן...

היבאַלד אַז וואַנג גרייט זיך, האָט קין-פאָ זיך אויך גע-גרייט. ער איז געגאַנגען אויף און אָפּ איבערן צימער און פון צייט צו צייט זיך געזאָגט:

„נו, היינט וועט עס געשען!”

דער טאָג האָט זיך לאַנג געצויגן. דער וואַסערזייגער האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. אַלץ איז אַזוי ווי פאַרגליווערט געוואָרן.

ביי דער ערשטער שמירה האָט זיך אַראָפּגעלאָזט די זון. דער קלעפּיקער שטייענדיקער טאָג האָט פאָרט געמאַכט פיס. אַ קיל ווינטעלע איז אַריינגעשפּרונגען אין פענסטער און אַ צי געטאָן די שטילקייט. קין-פאָ האָט זיך אַרומגעקוקט, אַרויסגע-גאַנגען פון צימער און מיט שטילע טריט אַריין אינם פאַלאַצל „לאַנגלעבן.” דאָרט האָט ער זיך אויסגעצויגן אויף אַ ווייכער קאַנאַפּע. די אויגן האָבן זיך אים געקלעבט, אָבער איינשלאָפן האָט ער נישט געקענט.

ער איז געלעגן און האָט געזען זיין לעבן — אַ גלייך שטאַר לעבן פון אַן עושר. קיין שום שמחה, קיין שום עק-סטאַז, קיין שום באַוועגונג פון געפילן.

אין דערדאָזיקער לאַנגער פאַרגליווערונג האָט זיך קוים-קוים באַוועגט בלויז איין געפיל — דאָס געפיל צו דער יונגער אַלמנה...

ער האָט זיך דערמאַנט אין איר צאַרטער הויט, אין אי-

רע קליינע הענט און חייך-ווייבערשן בוזעם, און האָט גע־שעפּטשעט:

„יאָ, זי איז גוט, אָבער וואָס קען איך איר געבן? איך האָב איר אין עשירות גאָרנישט געקענט געבן, בפרט נאָך אין אָרעמקייט, אין גרויסע שווערער אָרעמקייט...“

ער איז געלעגן, געטראַכט און געוואַרט. געוואַרט און געטראַכט. דאָס ד־האַרץ האט עטוואָס געקלאַפּט. אַ קאַלטער שווייס האָט אים בעקילט דעם שטערן. ער האָט זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך, צו יעדן קלאַנג, צו דער ווייכער באַוועגונג פון דער לופט...

„אָט גייט ער... אָט איז דער סוף...“

ער האָט זיך נישט געשראָקן, נאָר געליטן, שטיל גע־ליטן פון דער לאַנגזאַמקייט, פון דער אומפּאַרציילעכער פוילער באַוועגונג פונם חלף...

טיילמאָל איז אים איינגעפאַלן:

„וואַנג קומט נישט, ווייל איך שלאָף נישט... ער וועט דאָך נישט באַפאַלן אַ וואַכעדיקן מענטשן. מען דאַרף פריער איינשלאָפן... איינשלאָפן... אָבער איך קען עפּעס נישט...“

ער האָט זיך געוואָרפן פון איין זייט אויף דער אַנדע־רער, צוגעמאַכט די אויגן, געפּרוווט איינדרעמלען, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. דער שלאָף איז נישט געקומען.

די נאַכט איז געפאַלן, אַ גרינער באַגינען האָט אַרויס־געשפּראָצט פון איר. קין־פאָ האָט אויפגעהייבן דעם קאָפּ.

עמעץ האָט מיט רעש געעפנט די טיר.

„ער גייט, ער גייט!“—האָט דעם יונגן כינעזער אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ.

דאָס האַרץ האָט זיך אים איינגעשרומפּן מיט ווייטיק.

ער האָט געפילט, ווי עס ווערט קליין, קליין און עס שרעקט זיך...

אינעם גרינעם ליכט איז אָבער פלוצלונג אויסגעוואַקסן נישט וואַנג מיטן חלף, נאָר סון מיטן כיטרע זיסן פנימל...

אַ ווייסער קאָנווערט האָט אים געקנאַקט צווישן די פינגער. ער האָט געהאַלטן אַ בריוו אין דער האַנט.

„מיין האַר,”—האָט ער געשעפטשעט,—„זייער אַ וויכטיקער בריוו. אין אָוונט אָנגעקומען... איך פאַרגעס שוין נישט... איצט איז שוין די פינפטע שמירה.”

קין-פאָ האָט געכאַפּט דעם קאָנווערט אין דער האַנט און האָט באַלד דערקענט די מאַרקעס פון סאַן-פראַנציסקאָ...

דער בריוו איז דאָסמאָל איבערגעלייענט געוואָרן מיט איין אָטעם...

קין-פאָ האָט זיך אַ ריס געטאָן פון דער קאַנאַפּע, און מיט געשרייען „וואַנג! וואַנג!” איז ער אַריינגעלאָפן צום פילאָזאָף אין צימער.

דער פילאָזאָף איז אָבער נישט געווען אין צימער. די נאַכט איז ער גאָר אינדערהיים נישט געווען...

וואַנג איז ערגעץ נעלם געוואָרן.

עמעץ פון דער דינערשאַפט האָט שטיל צוגעוואָרפן:

„דער האַר איז אַוועק... אַוועק...”

„אָבער ער וועט דאָך קומען!” — האָט אַ צווייטער געזאָגט.

אין די פענסטער האָט שוין געשלאָגן אַ זוניקער פרייליכער טאָג.

# ווידער די אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט.

קין-פּאָ האָט געזאָגט:

„יאָ, הער בידולף, דאָס איז געווען אַ שפּיצל פון אַן אַמעריקאַנישער באַנק... מען מוז זיין פּראַקטיש און מען דאַרף זיין אַ מבין אויף דידאַזיקע שפּיצלעך..."

און הער בידולף האָט געשמייכלט און זיך געריבן מיט הנאה די הענט.

„געשעפט איז געשעפט, מיין הער!—האָט ער געזאָגט.—„יעדעס געשעפט האָט זיך זיינע שפּיצלעך."

דער יונגער כינעזער האָט באַמערקט:

„אפילו מיין קאָרעספּאָנדענט פון סאַן-פראַנציסקאָ איז אריינגעפירט געוואָרן אין אַ טעות. שוין אַ פּראַקטישער מענטש, וווינט שוין לאַנג אין סאַן-פראַנציסקאָ און דאָך האָט ער אויך געגלויבט אין דעם פאַלשן שפּיצל-באַנקראָט. ער האָט אויך געגלויבט אין די אַלע קלאַנגען און האָט מיר צוגעשיקט אַ גרויסן קלאַנג-בריוו. איצט שרייבט ער, אַז דער גאַנצער באַנק-ראָט איז געווען נישט מער ווי אַ סוחרישער שפּיצל, צו

הייבן די אַקציעס און איבערצעפּאַקן די שופלאָדן מיט גאָלד...

דער קאָרעספּאָנדענט שרייבט מיר, אַז דער באַנק-דירעקטאָר האָט אים געזאָגט: „דער פלומרשטער באַנקראָט ד'האָט אונדז אַריינגעבראַכט 175 אויף 100..." איר חייסט, הער בידולף, איך האָב מיך שוין געהאַלטן פאַר אַ פאַרפאַלענעם מענטשן, פאַר אַן אביון..."

„און איר האָט זיך טאַקע געוואָלט נעמען דאָס לעבן!" — האָט דער הויפּטאַגענט געפרעגט.

קין-פאָ האָט געשמייכלט.

„נישט איך, נאָר אַ צווייטער וואָלט מיר שוין געמאַכט ביק-כיק איבערן האַלדז..."

„וואָס הייסט?"

„לויט מיין רצון, נאַטירלעך... אַזוי איז עס אָפּגעמאַכט געוואָרן, און אייך וואָלט דערדאָזיקער עסק געקאָסט 200,000 דאָלאַר..."

ה' בידולף האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

קין-פאָ האָט אים אויספירלעך דערציילט פון זיין אָפּמאַך מיטן „רוצח" און האָט צוגעגעבן:

„און יענער וועט האַלטן וואָרט... איר קענט אייך פאַרלאָזן אויף אים!"

דער הויפּטאַגענט האָט געפרעגט:

„דערדאָזיקער רוצח איז אייערער אַ פריינט

„אַ פריינט." — האָט קין-פאָ געזאָגט.

„הייסט עס, אַז דאָס איז געווען אַן אָפּמאַך צווישן צוויי גוטע פריינט?"

קין-פאָ האָט געזאָגט:

„יאָ, פריינט, אָבער דאָ קען דאָך זיין אויך אַ חשבון...
ער באַקומט דאָך 50,000 דאָלאַר פאַר מיין קאָפּ!..."

„פּופציקטויזנט דאָלאַר!"—האָט זיך הער בידולף נישט גע-
קאָנט אָפּהידושן.—„דאָס איז דאָך וואַנג?"

„יאָ, וואַנג."

„דער פילאָזאָף, ווי מען רופט אים? נו, ער וועט נישט
איינגיין אויף אַזוינע זאַכן!"

קין-פאָ האָט אָפילו געוואָלט זאָגן: „דערדאָזיקער פילאָזאָף
איז אַן אַלטער מורד. ער האָט שוין אין זיין לעבן אָוועקגע-
לייגט אַזויפיל מענטשן, אַז ס'איז נאָך אַ פראַגע, צי די אַסע-
קוראַנץ-געזעלשאַפט וואָלט געקענט באַצאָלן פאַר זייערע קעפּ,
ווען זיי וואָלטן געווען אירע קליענטן..."

ער האָט עס אָבער נישט געזאָגט. מיט אַזוינע רייד וואָלט
ער אים אפשר געטאָן די גרעסטע רעה אין לעבן: דער הויפּט-
אַגענט וואָלט אים אַרויסגעגעבן דעם שטאָט-קאָמיסאַר און יע-
נער וואָלט אים זיכער געקעפּט, ווי אַן אַלטן, לאַנג-געזוכטן
מורד...

הער בידולף האָט געזאָגט:

„אָבער דאָס איז דאָך אַ קלייניקייט.

„וואָס הייסט ביי אייך אַ קלייניקייט?"—האָט קין-פאָ נישט
פאַרשטאַנען, וואָס יענער מיינט מיט דידאָזיקע ווערטער.

„אָט, איך מיין וואַנגען... איר מוזט אים זאָגן, אַז איר
האָט חרטה און ער דאַרף אייך אומקערן דאָס פּאַפּירל. איר
וועט דאָך נישט גיין שטאַרבן צוליב אים..."

קין-פאָ האָט געשמייכלט.

„מיינט נישט, אַז דאָס איז אַזוי לייכט," — האָט ער גע-
זאָגט.—„ערשטנס, איז ער נעכטן סתם נעלם געוואָרן און מען

ווייסט נישט, ווו זיין געביין איז אהינגעקומען, און, צווייטנס דארף מען וויסן, ווי צו רעדן מיט אים..."

„הם...—האט דער הויפטאגענט ערנסט א שאקל געטאן מיטן קאפ.

ער האט זיך איינגעקוקט אין זיין קליענט.

„נו, איצט ווילט איר שוין נישט שטארבן?" — האט ער געפרעגט:

קין-פא האט באלד געענטפערט:

„ניין, מיין הער... דאס סוחרישע המצאהלע פון דער צענטראל-באנק אין קאליפארניע — האט כמעט פארטאפלט מיין פארמעגן... עס איז מיר מיטאמאל לייכט געווארן און...איך וועל חתונה האבן! אבער פריער מוז איך אויסגעפינען וואנגען, מיין הער, און איך מוז אפוואַרטן דעם באשטימטן טערמין..."

„ווען ענדיקט זיך דער טערמין?"

„דעם 25-סטן יוני, מיין הער... דידאזיקע צייט האט א גרויסע באדייטונג פאר אייער אסעקוראנץ-געזעלשאפט... עס שמעקט מיט 200,000 דאלאר שאדן... איר ווייט דאך, נאטירלעך, אננעמען מיטלען... איך צווייפל נישט דערין!"

„מען מוז אויסגעפינען דעם פילאזאף!"—האט בידולף געזאגט.

ער האט זיך אויפגעהייבן און האט גענומען שפרייזן איבערן צימער.

אין א ווײַלע ארום האט ער ווידער געזאגט:

„יא, מיר העלן אים שוין אויסגעפינען, דעמדאזיקן פילאזאף, אפילו אונטער דער ערד וועלן מיר איבם אויסגעפינען. אבער איר מוזט אונדז פריער געבן אייער ווארט, אז איר בלייבט ביי אייער איצטיקער דעה, דאס הייסט, אז איר נעמט זיך נישט

דאָס לעבן און איר שליסט נישט מער קיין קאָנטראַקט מיט אַן אַנדערן, אַז יענער זאָל אייך נעמען דאָס לעבן, ווי איר האָט עס געטאָן מיט וואַנגען..."

„איך פאַרשטיי אייך נישט קלאָר," — האָט קין-פאָ געזאָגט.

„עס איז נאָך צו קלאָר, מיין הער," — האָט דער אַגענט געענטפערט.—„איר דאַרפט וויסן — איר וועט מיר אַנטשולדיקן, נאַטירלעך,—אַז באַלד ווי איר האָט אונטערגעשריבן דעם פּאָליס, זענט איר אַרונטערגעפאַלן אונטער דער אָבסערוואַציע פון מיינע צוויי אַגענטן. זיי האָבן אייך געהיט טאָג און נאַכט..."

„קין-פאָ האָט קאַלט געזאָגט:

„איך האָב זיי נישט באַמערקט!..."

„איר וועט מיר אַנטשולדיקן, איך האָב געהאַנדלט, ווי אַ געניטער געשעפטסמאַן... מיינע אַגענטן זענען זייער באַשיידענע מענטשן. איר וועט מיר דערלויבן, וועל איך זיי אייך פאָרשטעלן... זוכנדיק וואַנגען, האָבן מיר ביידע געמיינזאַמע אינטערעסן... נישט וואָר?"

„איך מיין אויך אַזוי,"—האָט קין-פאָ צוגעשטימט.

הער בידולף האָט אַ שמייכל געטאָן מיט אַ ווינינטשקן ניטרע שמייכעלע.

„איר וועט מיר אַנטשולדיקן, הער קין-פאָ, מיינע אַגענטן מוזן אוודאי זיין דאָ, ווייל איר זענט דאָ..."

מיט דידאַזיקע ווערטער האָט ער אָנגעדריקט אַ קנאָפּקעלע אין וואַנט. אין טיר האָט זיך באַלד געוויזן די הכנעהדיקע געשטאַלט פון אַ דינער.

„קרעג און פריי זענען דאָ?"—האָט הער בידולף געפרעגט דעם דינער.

„יאָ,“—האָט יענער געענטפערט מיט הכנעה.

„טאָ רוף זיי אַריין אַהער!—האָט דער הויפּטאַגענט באַפוילן.

מען האָט לאַנג נישט געדאַרפט וואַרטן: אין צימער איז אַריינגעפאַלן דער מענטש מיט די פיר הענט און פיר פיס.

דער הויפּטאַגענט האָט אויפגעהייבן די אויגן אויף דאָס-דאָזיקע אויסטערלישע פּאָרל.

„קרעג און פריי!“ — האָט ער געזאָגט.—איצט האָט איר שוין מער נישט וואָס צו רעדן אונדזער חשובן קליענט. ער איז פריי פון אייערע אויגן... אָבער אייער אַרבעט האָט זיך נאָך נישט געענדיקט: איר מוזט אָפּהיטן אונדזער חשובן קליענט פון זיינעם אַ פריינט, וואָס וויל אים דערהרגענען...“

דידאָזיקע הקדמה איז נישט געווען אינגאַנצן קלאָר פאַרן פּאָרל. הער בידולף האָט זיי בעסער צעקיימט דעם ענין. ביידע האָבן גענומען שאָקלען מיט די קעפּ, אַז זיי פאַרשטייען.

הער בידולף האָט געזאָגט:

„עס פרעגט זיך, וואָס דאַרפט איר טאָן, וואָס איז אייער דירעקטע אַרבייט? מיר האָבן צוויי וועגן: אָדער דער קין-פּאָ פאַרבלייבט אין שאַנכאַי און צווישן אים און דעם פילאָזאָף וועט ביזן טערמין אויסגעשטעלט אַ שטאַרקע וואַנט פון דידאָזיקע צוויי בראַווע יונגען—קרעג און פריי, אָדער מען דאַרף זיך באַלד אַוועקלאָזן זוכן דעם פילאָזאָף און אָפּנעמען ביי אים דאָס פּאַפּיר... און ווערט אָפּגענומען דאָס פּאַפּיר, וואָס טראָגט די חתימה פון הער קין-פּאָ, ווערט דער גאַנצער אָפּמאַך בטל פון זיך אַליין...“

קין־פּאָ האָט רויק אויסגעהערט דעם הויפּטאַגענט, אָבער צולעצט האָט ער זיך אָנגערופן:

„דאָס ערשטע מיטל טויג זיך לחלוטין נישט. פאַרן פילאָזאָף וואַנג זענען נישטאָ קיין ווענט. דאָס איז זייער אַדורכדרינגלעכער מענטש. אייערע קרעג און פריי וועלן אייך דאָ גאָרנישט העלפן. געפעלן געפעלט מיר בלויז דאָס צווייטע מיטל: מען מוז אים אויסגעפינען. דאָס איז דאָס בעסטע און דאָס זיכערסטע...״

הער בידולף האָט זיך ווידער אַדורכגעשפּאַצירט מיט אַן ערנסטן פּנים פון אַ פינאַנצמיניסטער.

„איר זענט געראָפּט, הער קין־פּאָ,״ — האָט ער געזאָגט אין אַ פּאָר מינוט אַרום. — „דאָס איז באמת דער ריכטיקער וועג. מיר מוזן אויסגעפינען דעם פילאָזאָף און מיר וועלן אים אויסגעפינען. מיר האָבן טויזנט אויגן.״

„אַ לעבעדיקן...״ — האָט קרעג געזאָגט.

„אָדער אַ טויטן!״ — האָט פריי פאַרענדיקט.

„ניין, אַ לעבעדיקן!״ — האָט קין־פּאָ זיך אַ כאַפּ געטאָן פון זיין אָרט. — „איך מוז אייך זאָגן, אַז וואַנג איז מיר טייער, זיין לעבן דאַרף זיין געזיכערט! קיין שום שלעכטס טאָר אים נישט געטאָן ווערן!״

„איר האָט נישט...״ — האָט קרעג געזאָגט.

„וואָס מורא צו האָבן!״ — האָט פריי פאַרענדיקט.

הער בידולף האָט זיך אָנגערופן צו די אַגענטן:

„ביז דעם 30־סטן יוני קאָסט אונדז הער קין־פּאָ 200,000 דאָלאַר. איר דאַרפט עס אַריינגעמען גוט אין זינען. געדענקט, וואָס איר האָט צוטאָן און אַרבעט ערנסט.״

„איר קענט...״ — האָט קרעג געזאָגט.

„זיין רויק!״—האָט פריי פאַרענדיקט.

אַז אַלץ איז באַטראַכט און גענוי אַרומגערעדט געוואָרן, האָט קין-פאָ דערלאַנגט די האַנט דעם הויפּטאַגענט און האָט פאַרלאָזט דעם טומלדיקן בנין פון דער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט, אַרויסגייענדיק אין גאַס, אונטער דער פאַרבאָרגענער שמירה פון דעם אויסטערלישן פּאָרל.

סון האָט זיך שטאַרק פאַרחידושט, ווען ער האָט צום ערשטן מאָל דערזען דאָס פּאָרל לעגאַליזירט אין פּאַלאַץ. זיי זענען אַרומגעגאַנגען פראַנק און פריי, ווי באַלעבאַטים, איבער די פרייע צימערן פון פּאַלאַץ און האָבן זיך נישט באַדאַרפט מער פאַרבאָרגן. נאָכמער: זיי האָבן שוין מער נישט געקלונגען מיט געלט, וואָס איז פריער עפּטער אַריינגעפאַלן אין סונס גיריקע פינגער... דער לייבדינער האָט עס נישט געקענט פאַרשטיין און האָט זיך שטאַרק געבראָכן דעם קאָפּ איבער דעם. פאַרפירן אַ שמועס מיט זיי האָט ער דערווייל מורא געהאַט...

---

קין-פאָ האָט זיך זייער גוט געפילט, ווי אַ נייגעבוירענער. עפּעס האָט זיך געוועבט פאַר אים אין לעבן, און דאָס האַרץ איז שוין נישט געווען אַזוי גלייכגילטיק, ווי פריער.

ער האָט זיך געפילט אַזוי גוט, אַז ער האָט באַלד פאָנאָבראַפירט קיין פּעקין, אין דער אַלייע שאַ-קואַ, אַז די לאַגע האָט זיך גרינטלעך געענדערט.

דאָס צימער פון דער יונגער אַלמנה איז אָנגעגאָסן געוואָרן מיט צאַרטע קלאַנגען פון אַפּאַראַטל...

קין-פאָ האָט גערעדט:

„מיין יינגערע שוועסטער! צוויי יונגע דעמבעס רעדן

איינער דערנענטערט זיך צום צווייטן... די זיבעטע לבנה וועט נאָך העגגען אויפן הימל, בשעת איך וועל פליען צו דיר. און מער וועלן מיר זיך נישט צעשיידן... איין לעבן פאַר צווייען, איין נשמה פאַר צווייען, איין גליק פאַר צווייען !...״

אין דעמדאָזיקן טאָג איז נישט געווען אין דער גאַנצער הימלישער אימפּעריע נאָך אַ פרוי, וואָס זאָל זיין אַזוי גליקלעך, ווי די יונגע אַלמנה.

זי האָט אַריינגערופן די אַלטע נאַן און האָט איר פּלוצ-לונג געשענקט אַ גאָלדענע מטבע, וואָס האָט דאָך נישט אַראָפּגע-ווישט די בייזקייט פון איר איינגעשרומפּענעם פּנים, און פאַר-באַלט האָט זיך ליע-או אַריינגעוואָרפן אין איר ווייכן געלעגער און פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין קישן. די יונגע אַלמנה האָט נישט געוויינט, נאָר געלאַכט, געלאַכט אין הייסן קישן...

דאָס האַרץ האָט זיך איר צעצויגן פון שמחה.

---

מען מוז מודה זיין: קין-פאָ האָט זיך שטאַרק געענדערט פאַר די לעצטע צוואַנציק טעג. דער נאָענטער טויט האָט אים באַוועגט דאָס פאַרגליווערטע האַרץ, און קין-פאָ האָט שוין גע-וואָלט לעבן! ער האָט געוואָלט לאַנג לעבן און גוט לעבן. זיי-נע אויגן האָבן באַקומען פייער, זיין גוף — אימפּעט. קיינער וואָלט אים איצט נישט דערקענט: נישט דער מאַנדאַרין שאָ-שען, נישט דער סוחר אין-פּאַן, נישט דער לעביונג טים, נישט דער למדן כואַל.

און די ענדערונג האָט זיך געשטאַרקט מיט יעדן טאָג, מיט יעדער שעה. אַפילו דער פילאָזאָף, ווען ער וואָלט גע-וואָלט דערקענען זיין תלמיד, וואָלט ער באַדאַרפט ברייט אויפ-

רייסן די אויגן און גוט אויסווישן זיינע גרויסע שפּאַקולן-גלע-זער.

אָבער דער פילאָזאָף איז נישט געווען, און מען האָט אים געהאַלטן אין איין אַרומזוכן.

מען האָט אים געזוכט אין שאַנכאַי, אין די אַרומיקע פאַרשטעטלעך, אין די נאָענטע דערפלעך, אין די וועלדער, פעל-דער און קליינע ישובים.

מען האָט אים געזוכט אויפן טייך, אין די הונדערטער שיפלעך, וואָס וויגן זיך אויפן וואַסער, אין די אָפּגעלעגענע ברעג-גאַסן...

דעם 24-סטן מאַי האָט מען נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין שום ידיעות וועגן אים.

קרעג און פריי זענען ממש געקראָכן פון דער הויט, אָבער זיי האָבן גאָרנישט אויפגעטאָן. דער פילאָזאָף איז ווי פאַרזונקען געוואָרן אין דער הארטער ערד...

פאַר אין ברירה האָבן זיי געמוזט פאַרשטאַרקן די שמירה אין פּאַלאַץ.

טאָג און נאַכט זענען זיי אויף קיין איין מינוט נישט אָפּ-געטראָטן פון דעם רייכן כינעזער. צוזאַמען מיט אים האָט מען געגעסן און געטרונקען און צוזאַמען האָט מען געשלאָפן אין איין צימער. זיי האָבן אפילו שטאַרק צוגערעדט וואַנגס תלמיד, ער זאָל אָנטאָן אַ לייכט פּאַנצערל אויף זיך און אַזויאַרום זיין געשיצט פאַר אַ קלאַפּ פון אַ שווערד, און עסן זאָל ער בלויז פרישע אייער... אָבער קין-פאָ האָט זיך אָפּגעזאָגט דער-פון.

„דאָס פּאַסט שוין גאָרנישט פאַר אַ מאַנספערשוין...״—האָט ער געשמייכלט.—„איך קען דאָך מיך נישט באַגראָבן לעבעדי-

קערהייט. קודם דאַרף מען לעבן! אַמענטש האָט אויגן און אַ קאָפּ—אָט דאָס זענען מיינע מיטלען קעגן וואַנגען. אפשר האָט איר עטוואָס בעסערס, איז אוודאי גוט!...״

הער בידולף, וואָס האָט אַלץ געזוכט מיטלען, ווי אַזוי צו ראַטעווען די 200,000 דאָלאַר פאַר דער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט, האָט איינמאָל אַפילו אַ זאָג געטאָן צו זיינע צוויי אַגענטן, וואָס האָבן געמאַכט אַ קורצן וויזיט אין דער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט:

„איך האָב אַן אויסגעצייכנטן פּלאַן, אַ גאָלדענעם פּלאַן, אַ פּלאַן, וואָס איז די זיכערקייט אליין, אָבער איך ווייס נישט, צי ער וועט אָנגענומען ווערן פון אונדזער קליענט...״

„וואָס איז דאָס פאַר...״—האָט קרעג געפרעגט.

„אַ פּלאַן?״—האָט פריי פאַרענדיקט.

„אָט הערט נאָר,״—האָט דער הויפּטאַגענט געזאָגט.—„מיר נעמען און פאַרשליסן דעם כינעזער אין אַ געהיימען קאַסטן פון דער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט אונטער דעם קוויטל פון 200,000 דאָלאַר... איר פאַרשטייט: ער ווערט געהאַלטן, ווי גאָלד, ביזן טערמין, אין די בעפאַנצערטע קעלערן פון דער געזעלשאַפט... אַזוי־אַרום איז ער געזיכערט סיי פאַר אונדז און סיי פאַר זיך... דער עיקר, נאַטירלעך, פאַר אונדז!״

דאָס אַגענטן-פּאָרל האָט געשמייכלט.

„ניין, ער וועט עס...״—האָט קרעג געזאָגט.

„נישט אָננעמען!״—האָט פריי פאַרענדיקט.

הער בידולף האָט זיי גוטמוטיקט אָנגעפּאַטשט אין פּלייצע, ווי איין מענטשן.

„זייט נאָר ברואָווע יונגען,״—האָט ער געזאָגט, — „און ראַ־

סעוועט אָפּ דאָס געלט. איר וועט אויך נישט צולייגן צו דעם עסק... אייער אַרבעט וועט גוט באַצאָלט ווערן."

דאָס פּאָרל איז, ווי איין מענטש, אַרויסגעשפּרונגען פון דער אַסעקוראַנץ־געזעלשאַפט און געלאָזט זיך לויפן העגדום־פּעג־דום צו קין־פּאַ אין פּאַלאַץ אַריין.

# קין־פּאָ ווערט זייער באַרימט.

האַנגען האָט מען נאָך אַלץ נישט געפונען. אין קין־פּאָס פּאַלאַץ איז מען אַרומגעגאַנגען אָן קעפּ. דאָס אַגענטן־פּאָרל איז געווען אומרויק און פאַרשעמט פאַר זייער נישט געשיקטקייט, און דער הויפּטאַגענט פון דער אַסעקוראַנץ־געזעלשאַפט איז ממש געשפּרונגען פון דער הויט.

ער איז אַרומגעגאַנגען און האָט געשריען, אַז מען איז טויגעניכטסן, קלעצער, פלעקער, ליימענע קעפּ און אַז די געזעלשאַפט וועט האָבן היזק 200.000 דאָלאַר...

און וואַנג איז ווי אין וואַסער אַריינגעפאַלן.

מען האָט אַפילו געשמועסט, אַז ס׳איז נישט מער ווי אַ פאַנטאַזיע, אַז דער פילאָזאָף וועט זיך נישט אונטערנעמען צו טויטן זיין תלמיד, אַז דער גאַנצער ענין האָט קיין שום זין נישט, אָבער אין דעם אייראָפּעישן קוואַרטל האָט מען געזאָגט, אַז אויף די כינעזער איז אַלץ צו גלויבן. די הימלישע אימפּעריע איז שוין אַזוי געבויט, אַז די פאַנטאַזיע האָט דאָ טיילמאָל מער לאָגיק און מער זין, ווי די ווירקלעכקייט...

קין-פאָ האָט געהאַלטן, אַז דער פילאָזאָף וועט בשום אופן ניט ברעכן זיין וואָרט, וואָס ער האָט געגעבן און הער בידולף איז אויך געווען דער מיינונג. אַפילו דאָס, וואָס ער איז פלוצלונג נעלם געוואָרן, איז אויסגעטייטשט געוואָרן אין דעם זין, אַז דער פילאָזאָף האָט ערנסט בדעה צו טויטן זיין תּלמיד און אַז ער וויל אָט דאָס שטיקעלע אַרבעט אויספירן פלוצלונג, מיט אַמאָל, פון הינטן, פאַרבאָרגענערהייט...

הער בידולד האָט זיך טאָג און נאַכט געבראָכן דעם קאָפ איבער פאַרשידענע פּלענער. ער איז אָבער געווען אָנמעכטיק, און, ווי אַלע אָנמעכטיקע, האָט ער זיך צולעצט אַ וואָרף געטאָן צו דער פּרעסע...

אין אַלע כינעזישע ציימונגען זענען געפלויגן טעלעגראַמעס און דעפּעשן. אין די צייטונגען פון פּעקין, שאַנכאַי און האָנג-קאָנג, ווי אין די שטאַרק פאַרשפרייטע צייטונגען פון אייראָפּע און אַמעריקע, האָט זיך מיט פעטן שריפט באַוויזן אַזאַ מין אַנאָנס:

„דעם הער וואַנג פון שאַנכאַי. דערמיט ווערט געמאָלדן, אַז דער אָפּמאַך צווישן אים, דעם הער וואַנג און דעם הער קין-פאָ, ווערט געבראָכן. די סיבה איז אַ פּשוטע: הער קין-פאָ וויל איצט שטאַרבן נישט פריער, ווי אין דער עלטער פון הונדערט יאָר."

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט זיך אין אַלע צייטונגען באַוויזן אַנדער אַנאָנס: „200 דאָלאַר אָדער 1300 טאַעלעס באַקומט דעריענקער, וואָס וועט אָנווייזן דעם הער בידולף, דעם הויפּטאַגענט פון דער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט "Centenaire" אין שאַנכאַי, דאָס אָרט, וווּ ס'געפינט זיך היינט צו טאָג דער הער וואַנג פון שאַנכאַי."

אייגנטלעך איז מען געווען זיכער, אַז דער פילאָזאָף מוז אַוודאי ליגן פאַרשטעקט ערגעץ אין שאַנכאַי און אַז ער האָט דידאָזיקע שטאָט אויף קיין איין שעה נישט פאַרלאָזט. אָבער הער בידולף האָט געהאַלטן, אַז אויב קלינגען, מוז מען קלינגען אומעטום. די גאַנצע וועלט מוז אויפגעוועקט ווערן, און דעמאָלט מוז ער אַרויסשווימען אויפן וואַסער. נאָר אין אַזאַ פאַל וועט מען אים זיכער פאַקן.

„אַלץ, וואָס ווערט געטאָן, מוז געטאָן ווערן אין ברייטן מאַסשטאַב,“—האָט דער אַמעריקאַנער אַגענט געזאָגט.—„איך ווייס אַז ער איז נישטאָ אין קאַליפאָרניע, פונדעסטוועגן קלינג איך אויך אין די דאָרטיקע צייטונגען... מען דאַרף אַרבעטן!“

עס זענען אַוועק עטלעכע טעג. די זאַך איז נישט קלאָר געוואָרן. דער פילאָזאָף איז נישט אַרויסגעשווומען. אין די צייטונגען האָבן זיך באַוויזן נייע אַנאָנסן. פון איין זייט האָבן גרויסע אַרשיניקע אותיות געריסן די אויגן:

„קין-פאָ!!! קין-פאָ!!! קין-פאָ!!!“

און פון דער צווייטער:

„וואַנג!!! וואַנג!!! וואַנג!!!“

הער בידולף האָט אָנגעצויגן די גלאָקן אין דער גאַנצער וועלט און ס'האָט אומעטום געקלונגען, געקלאַפט און גערוישט...

דערוואַקסענע מענטשן האָבן אין די הייזער געשמועסט פון קין-פאָ און פון וואַנגען, און קינדער האָבן דעמאָזיקן עניין אַרויסגעטראָגן אויף דער גאַס...

„מען האָט וואַנגען געפונען!“—האָבן קינדער געשריען אויף די גאַסן פון פעקין און שאַנכאַי.

„ניין, מען האָט אים נישט געפונען!“ — האָבן אַנדע-

רע קינדער געשריען אויף די גאַסן פון קאַנטאָן און האָנג-קאָנג.

קין-פאָ איז געוואָרן די סאַמע פּאָפּולערסטע פּערזאָן אין כינע. איצט האָט אים שוין אָפּגעהיט גאַנץ שאַנכאַי. מען האָט אים אָפּגעהיט צוליב נייגיר, צוליב לאַנגווייל, צוליב בטלנות... אַלע האָבן אים געהאַלטן אויף די אויגן. מחנות ליידיקגייער זענען נישט אָפּגעטראָטן פון זיין פּאַלאַץ. ביינאַכט האָט שאַנכאַי שלעכט געשלאָפן, און באַלד אינדערפרי איז שוין דער נאָמען פון דעם רייכן כינעזער געפלויגן פון ליפּ צו ליפּ. מען האָט זיך כסדר געפרעגט:

„וואָס מאַכט קין-פאָ? צי לעבט ער נאָך ?"

און מען האָט זיך נישט געקענט באַרויקן, ביז מען האָט זיך נישט איבערצייגט, אַז קין-פאָ איז בשלום אַריבערגעקומען די נאַכט.

עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז קין-פאָ האָט זיך אַלע אינדערפרי געמוזט ווייזן פאַר די מחנות ליידיקגייער אין די גרויסע שפּיגלפענסטער פון זיין פּאַלאַץ.

און דער המון איז געשפּרונגען פון דער הויט, אָנקוקנ-דיק דעמדאָזיקן מענטשן, וואָס האָט זיך פּלוצלונג פאַרוואַנדלט אין אַ העלד, אין אַן אומפאַרשטענדלעכער מאַכט, וואָס האָט גאַנץ כינע פאַרכישופט און משוגע געמאַכט.

דער בידולף איז געווען זייער צופרידן. ער האָט זיך כסדר געריבן די הענט מיט הנאה און האָט אַלץ גע-טענהט :

„אָט דאָס האָב איך געוואָלט!... אָט דאָס מיין איך טאַקע... גערויש איז רעקלאַמע און רעקלאַמע ברענגט געלט און געלט פירט שטענדיק דירעקט צום ציל... אונדזער אַסעקוראַנץ-געזעל-

שאַפט איז איצט אין כינע כמעט אַזוי פּאָפּולער, ווי קין־פּאָ !...
דער גאַנצער ענין נעמט אָן גאָר אַ נייע ווינטיקע ווענדונג פאַר
דער געזעלשאַפט !"

אין די גאַסן האָט מען שוין געזונגען לידלעך וועגן קין־
פּאָ. כינעזישע פּאַעטן און פּאָעטלעך האָבן זיי פאַבריצירט אין
די הונדערטער. יונג און אַלט האָט זיי געזונגען מיט תאווה,
מיט פייער, מיט ברען.

קוויטשיקע קינדערשע שטימעלעך האָבן פאַרהילכט די שטעט
פון כינע:

אוי, געזונט זאָל זיין קין־פּאָ !
לעבן זאָל ער הונדערט יאָר!...

איצט זענען שוין געווען איבעריק די באַצאָלטע אַנאָנסן
און טעלעגראַמעס אין די צייטונגען. פאַרקערט, די צייטונגען
זענען געווען נוטה צו צאָלן דעם הער בידולף פאַר דעם קלענסטן
ידיעהלע וועגן דעם רייכן כינעזער...

אַלע טאָג האָבן זיי אויף דער ערשטער זייט געדרוקט
ביולעטענען וועגן זיין געזונטצושטאַנד, פונקט ווי ער וואָלט גע־
ווען אַ מיטגליד פון דער הערשנדיקער דינאַסטיע אין כינע...

גאַנץ שאַנכאַי האָט זיך גערודערט, ווי אין אַ שריפה...

אָבער פון דעם גאַנצן טאַראַראַם און פון דעם גאַנצן פאַ־
ראַד האָט שטאַרק געליטן בלויז איין מענטש: קין־פּאָ...

ער איז אַרומגעגאַנגען מיט פאַרטויבטע אויערן, מיט צע־
מישטע רעיונות. עס האָט אים טיף אָפּגעעקלט פון מענטשלעכער
נאַרישקייט, פון המונישער פוסטקייט...

אָן אויפגערעגטער איז ער אַוועק צום אַמעריקאַנער הויפּט־
אַגענט און ער האָט אים מיטגעטיילט, אַז ער וויל אַוועקפאָרן :
שאַנכאַי און שאַנכאַיער זענען אים נמאס געוואָרן ביז צום טויט.

ער קען די היגע לופט נישט אָטעמען... שוין גענוג געשפּילט מיט אים, ווי מיט אַ ליאַלקע, וויפל איז דער שיעור?

הער בידולף ד״האָט געמאַכט אַן ערנסטע מינע און געזאָגט:

„ס׳איז אַ ביסעל צו ריזיקאַליש פאַר אייך... איר שפּילט אייך מיט פייער.״

„נו, מילא,״—האָט קין-פאָ געענטפערט—„נעמט אַן בעסערע מיטלען, איך זאָל קענען רויק אַוועקפאָרן.״

הער בידולף האָט געפרעגט:

„וווהין אייגנטליך וועט איר פאָרן?״

„וווהין די אויגן וועלן מיך טראָגן.״

„אָבער דאָך?״

„איך ווייס אַליין נישט.״

„און ווען קומט איר צוריק?״

קין-פאָ האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

„קיינמאָל נישט...״

דער הויפּטאַגענט האָט געפרעגט:

„נו, און אַז איך וועל באַקומען ידיעות וועגן וואַנגען?״

קין-פאָ האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

„גייט ער צו אַלדי גוטע יאָר! אַ נאַריש געשעפט האָב איך געמאַכט מיט אים...״

דער יונגער כינעזער איז נישט געווען אינגאַנצן אויפריכטיק. אינדערעמתן האָט ער אַליין געוואָלט אויפזוכן דעם פילאָזאָף. דער געדאַנק, אַז זיין לעבן געפינט זיך אין די הענט פון אַן אַנדער מענטשן, האָט אים איצט שטאַרק אויפגערעגט. ער האָט מער נישט געקאָנט וואַרטן. דער קאָפּ האָט אים געטראָגן, און אַ צערייצטער פון די צייטונגען און פון המון, האָט ער נישט

געוווסט אויף וואָסער וועלט ער איז.

הער בידולף האָט עפּעס בּאַרעכנט מיט שפּעטשעדיקע ליפּן און אַ פאַרקנייטשטן שטערן.

„פּאָרס."—האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט. — „קרעג און פריי וועלן אייך נאָכפאָרן און וועלן אייך היטן. זיי זענען בראַווע יונגען, מען קען זיך פאַרלאָזן אויף זיי."

„אָבער צו וואָס דאַרף איך זיי ?"—האָט קין-פּאָ בייז גע-פרעגט.—„איך זאָג אייך פּאָרויס, אַז זיי וועט אויסקומען שטאַרק צו לויפן, אויב זיי וועלן מיר נאָכפאָרן !..."

דער הויפּטאַגענט האָט זיך רויק צעלאַכט.

„נו, זיי האָבן שטאַרקע פיס !" — האָט ער געזאָגט.—זיי קענען לויפן. דידאָזיקע מענטשן קענט איר טרייבן דורך פייער און דורך וואַסער—זיי וועלן אומעטום אַרויסקריכן."

קין-פּאָ האָט מער נישט גערעדט.

ער איז אַוועק אַהיים און האָט זיך בּאַלד גענומען גרייטן אין וועג אַריין. סון האָט אים בּאַדאַרפט בּאַגלייטן און איז אַרומגעגאַנגען זייער אַן אומצעפרידענער. ער האָט פיינט געהאַט נסיעות, אָבער ער האָט געמוזט מיט גרויס הכנעה שווייגן. ער האָט געוווסט, אַז ווען ער זאָגט איצט אַ וואָרט דעם יונגן לי-בעזער, וועט ער אים אויסרייסן די לעצטע פּאָר האָר, וואָס זע-נען אים נאָך פאַרבליבן אויפן קאָפּ, ווי אַן עקעלע... דעם לאַנגן צאָפּ, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, האָט אים קין-פּאָ, צו זיין גרעסטן בזיון און עגמת-נפש, נאָך פריער אָפּגעשניטן.

דערפאַר אָבער איז דאָס אויסטערלישע פּאָרל, קרעג און פריי, געווען זייער צופרידן מיט דער נסיעה. זיי זענען בכלל פון אַלץ געווען צופרידן. פאַר יעדער אַרבעט האָבן זיי זיך אָנגעכאַפּט, ווי הײַשעריקן. קיין שום זאַך האָט זיי נישט אָפּגע.

שטייסן פון זיך. ביי זיי איז רעכט און גוט געווען צו זיצן אויף איין אָרט און צו וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט, מיט פאַלשע לאַנגע צעפּ אויפן רוקן, פאַרקליידט פאַר כינעזער און אַרומצע־פאָרן איבער דער וועלט, ווי כלומרשטע באַנקירן, אָדער ווי כלומרשטע באַנאַרבעטער, אָבער גאָר ווי אַלטע ווייבער אין פאַטשיילעס מיט וועקסענע, גוט פאַרגרימירטע פּנימער, וואָס פאָרן ערגעץ אין אַ ווייטן קלויסטער און בעת-מעשה נאָכשפּירן עפּעס אַ פאַרברעכער, צובינדנדיק אים צו זיך מיט הונדערטער אומזעעוודיקע פעדעם...

זיי זענען געווען נייגיריק, ווי הינט און געשיקט, ווי קעץ, און שטענדיק און אומעטום, צי מען דאַרף, צי מען דאַרף נישט, האָבן זיי עפּעס געזוכט און געשמעקט און גענישטערט אין מענטשן, אין הייזער, אין גאַסן און שטעט...

זיי האָבן געשמעקט מיט באַשטעלונגען און אָן באַשטע־לונגען, אָנגעדונגענע און נישט אָנגעדונגענע, מיט געלט און אָן געלט אין קעשענע, און האָבן, קענטיק, שטאַרק הנאה געהאַט פון זייער לעבן.

אַלץ האָט פאַר זיי געהאַט אַ ווערט, אַ זין, אַן אינטערעס. זיי האָבן געקענט שלאָפן אין פעלד, אין וואַלד, אין גאַס, אויפן מיסט, אָדער אין דעם רייכסטן סאַלאָן. זיי איז געווען אַלצאיינס־אַבי אַרבעט, אַבי הו־האַ, טומל און טאַראַראַם.

און אַז זיי האָבן דערהערט, אַז זיי דאַרפן פאָרן מיטן יונגן כינעזער, זענען זיי באַלד געווען גרייט אין וועג אַריין.

„איר מעגט...״ — האָט אים קרעג אַ ווונק געטאָן מיט אַן אייגל.

„זיין זיכער!״—האָט פריי פאַרענדיקט.

שטיל און פאַרזיכטיק האָט זיך קין-פאָ מיט זיינע באַ־

גלייטער בייגאַכט איבערגעפּעקלט פון פּאַלאַץ אינס פּאָרט [illegible]. דער אַמעריקאַנישער קאָנצעסיע און דאָרט האָבן זיי זיך אַריינ־געזעצט אין אַ שיף, וואָס איז געגאַנגען פון שאַנכאַי קיין גאַנ־קין.

קרעג און פּריי האָבן באַלד גענומען אַרבעטן מיט די אויגן. קודם כל האָבן זיי געמאַכט אַ שטיקל געהיימע רעוויזיע, צי איז אַמאָל נישטאָ דער פילאָזאָף אויף דער שיף. באַטראַכט און אַרומגעזוכט אַלע ווינקעלעך און אַלע פּאַסאַזשירן און איינ־געזען, אַז ס'איז נישטאָ קיין זכר פון געפערלעכן פילאָזאָף, האָט מען גענומען אויספּרווון די פּאָדלאָגע פון שיפדעק און אַלע פּאָרענטשעס, צי אַלץ איז גענוג שטאַרק און צי עס איז נישטאָ דאָ עפּעס אַ שפּיצל, אַ פּאַסטקע, אַ פאַרמאַסקירטע צרה, וואָס זאָל אומברענגען דעם קליענט פון דער אַסעקוראַנץ־גע־זעלשאַפט.

און אַזוי ווי דערין איז געווען שווער זיך איבערצעצייגן, ווייל אַ שיף איז גרויס און פאַרמאָגט אַ סך מענטשן, פאַר וועל־כע מען טאָר זיך נישט וואַרפן אין די אויגן מיט צופיל זוכן און נישטערן, האָט מען זיך גענומען צום שאַנכאַיער עושר און מען האָט אָפּגעהיט זיינע טריט און דאָס אָרט, וווּ ער איז געזעסן און די קאַיוטע, ווו ער האָט געשלאָפן און דעם טיש, ווו ער האָט געגעסן. זיי האָבן נישט געטרויט די לעפל, די מע־סערס, די טעלער, די שיפקיך...

אַלץ האָבן זיי פריער גוט באַקוקט און באַטאַפּט און באַ־שמעקט, ווי הינט.

סון, וואָס האָט זיך געפוילט צו אַרבעטן אין פּאַלאַץ, האָט אויפן שיף גאָרנישט געוואָלט טאָן, און דאָס לעבעדיקע פּאָרל האָט זיך אַפילו נישט געפוילט צו אַרבעטן אַלס דינער. זיי

האָבן פּשוט פֿאַרטראָטן סונען אויפֿן שיף.

די שיף האָט זיך לייכט געגליטשט איבערן וואַסער. עס איז געווען אַ מחיהדיקע נסיעה אין אַ וואַרעמער אויסגעשטערנ־טער נאַכט. קיין שום ווינטעלע, קיין שום באַוועגונג פֿון העכערער כוואַליע. צומאָרגנס אינדערפֿרי איז די שיף בשלום אַריין אין דהאַפֿן פֿון דער פֿאַרצייטיקער רעזידענץ־שטאָט גאַנקין.

געפֿאָרן איז קין־פֿאָ אין נאַנקין מיט אַ באַשטימטער כוונה: אפֿשר זיצט דאָ ערגעץ דער פֿילאָזאָף. צו דעררדאָזיקער שטאָט פֿון מורדים און רעוואָלוציאָנערן האָט וואַנג פֿון תּמיד אָן געהאַט אַ געוויסע שוואַכקייט. ער האָט דאָ געהאַט באַקאַנטע, פֿריינט און סימפּאַטיקער.

אַמאָל, אין דער צייט פֿון מרידה, האָט מען דאָ אין אַ משך פֿון דריי טעג אויסגעשאָכטן דהונדערטויזנט יונגע חברים וואַנגס...

קין־פֿאָ האָט גערעכנט, אַז ער וועט טרעפֿן דעם פֿילאָזאָף אין די שמאָלע, האַלב־צעפֿאַלענע געסלעך פֿון דער פֿאַרצייטי־קער הויפּטשטאָט און וועט מאַכן אַ סוף צו זיין נאַרישער לאַגע. וואַנג וועט אים אומקערן דאָס פֿאַטאַלע פּאַפּיר און ער וועט איינ־מאָל פֿאַר אַלעמאָל פּטור ווערן פֿון דעם שטריק, וואָס הענגט אים אויפֿן האַלדז און וואָס דער עק פֿון דעמדאָזיקן שטריק ליגט ביי וואַנגען אין די מורדישע הענט.

וועט ער אָבער דעם פֿילאָזאָף נישט געפֿינען אין נאַנקין, וועט ער אַרומפֿאָרן און אַרומוואַנדערן אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז עס וועט זיך ענדיקן דער פֿאַרשאָלטענער טערמין. נאָכן טערמין האָט וואַנג, נאַטירלעך, קיין שום שליטה נישט איבער אים.

אין אַ שמאָלן טויטן געסל, וווּ מען האָט קיין שום קלאַנג נישט געהערט פון מענטשן און לעבן, האָט קין־פּאָ זיך אָנגערופן צו זיינע דריי באַגלייטער:

„איר זאָלט אייך אַריינבעמען גוט אין זינען: איצט הייס איך קי־נאַן. מיין אמתער נאָמען טאָר בשום אופן נישט דער־מאָנט ווערן פאַר דער גאַנצער צייט פון אונדזער נסיעה... סון, דו האָסט דאָך אַ טעמפּן קאָפּ, חזר דיר גוט איין מיין נייעם נאָמען. פאַר דעם קלענסטן גרייז וועל איך דיך שלאָגן, סון... ווי אַ הונט וועל איך דיך שלאָגן!"

דאָס פּאָרל האָט, ווי איין מענטש, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

„קי־..."—האָט קרעג געזאָגט.

„נאַן!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

סון האָט בייז געשוויגן.

מען איז געגאַנגען פון געסל אין געסל. פון די זייטן האָבן אַרויסגעקוקט שוואַרצע לעכער פון האַלב איינגעפאַלע־נע הייזלעך. עס איז געווען וויסט און טויט, ווי אויף אַ בית־עולם.

די צוויי אַגענטן האָבן געזוכט מענטשן. זיי האָבן פאַר־וואָרפן די שאַרפע אייגלעך אויף אַ ווייטן שטח, ווי מען פאַר־וואַרפט אַ ווענדקע אין טייך, און האָבן אָבער גאָרנישט גע־פונען. אין די געסלעך האָט מען זעלטן־ווו געזען אַ לעבעדיקן מענטשן...

סון האָט געזאָגט, אַז ער איז מיד און קען ווייטער נישט גיין. פון זיין הכנעה איז מיטאַמאָל אַרויסגעשפּרונגען די חוצפּה, ווי עס טרעפט אַלעמאָל מיט שלעכטע דינער.

מען האָט אים אָבער געהערט, ווי דעם קאָטער און מען

האָט ווייטער געשפּאַנט.

אין דעם לעבעדיקערן טייל פון נאַנקין איז אויך געווען געגנוג שטיל און מרה־שחורהדיק. נאָך דער גרויסער מרידה האָט דידאָזיקע שטאָט נאָך אַלץ נישט געקענט קומען צו די כּוחות.

וויסטע כינעזישע טעמפּלען האָבן געגלאָצט מיט די מרה־שחורהדיקע פלאַכע דעכלעך אין הימל אַריין. די פלויטן און צוימען פון די טעמפּלען זענען געלעגן אויף דער ערד און ווילד גראָז האָט זיך פעט געשפּאַרט פון די שפּאַלטן, ווי גרין וואַסער...

קין־פּאָ האָט זייער מעלאַנכאָליש אָפּגעזיפצט און האָט גע־קוקט אויף די וויסטע חורבות. זיי זענען ווייטער געגאַנגען און אומעטום האָבן זיי געזען דיזעלבע בילדער פון פאַרוויסטונג, פון אַ בית־עולמדיקער שטאָט...

לעבן אַ קליינעם טויערל פון אַ פאַרלאָזטן טעמפּל איז קין־פּאָ פּלוצלונג געבליבן שטיין, ווי אַ צוגעשמידטער. אויף דעמדאָ־זיקן טויערל זענען געווען פריש איינגעקריצט דריי גרויסע שרייענ־דיקע אותיות: וו. ק. פּ...

„וואַנג! קין־פּאָ!..“—האָט דער שאַנכאַיער עושר, אַ בלאַסער, פאַרוואַנדלט דידאָזיקע אותיות אין ברענענדיקע ווערטער...

„וואַנג! קין־פּאָ!..“

„יאָ, דאָס איז וואַנגס אַרבעט, און ער איז דאָ נישט לאַנג געווען!..“ קין־פּאָ איז געשטאַנען ביי די דריי אותיות, ווי אַ צו־געשמידטער. ער האָט אין זיי געזען וואַנגען מיט חלף, וואַנגען דעם אַלטן מורה, וואָס קען האַלטן וואָרט און וואָס קען אַ

מענטשן דערשטיקן, דערווערגן, אָדער פשוט קוילן קאַלט און באַ־
רעכנט, ווי אַ גזלן...

מידע און הונגעריקע, האָבן זיי זיך קוים פאַרשלעפּט אין
עפּעס אַ וויסטן האָטעלכל, וווּ זיי האָבן איבערגענעכטיקט די נאַכט
און צומאָרגנס באַלד אינדערפרי האָבן זיי פאַרלאָזט באַנקין.

# די ווייטערדיקע נסיעה.

פאָרן שאַנכאַיער עושר האָט זיך אָנגעהייבן אַ לעבן פון נסיעות. ער איז געפאָרן פון שטאָט צו שטאָט, פון דאָרף צו דאָרף, פון טראַקט צו טראַקט, פון טייך צו טייך, און אומעטום איז ער ווייניק געשטאַנען און ווייניק גערוט. עפּעס אַ בייזער רוח האָט אים געטראָגן איבער דער כינעזישער וועלט. זיין גאַנצער מהות איז געלעגן אין איין ברענענדיקן פאַרלאַנג, אין איין הייסן באַגער: כאַפּן דעם פילאָזאָף.

אָבער פון דעם אַלטן מורד איז קיין זכר נישט געווען. אין זיין לויפן משוגענערהייז פאָרויס און פאָרויס, אויף פערד און אויף שיפן, האָט האָט אפילו איינגעמידט די שאַרפאייגיקע און שנעלבאַוועגלעכע אַגענטן, האָט קיין־פאָ געזען, ווי אין אַ פּאַנאָראַמע, אַזויפיל געשטאַלטן, אַזויפיל פנימער און אויגן, גרויסע און שלעכטע, בייזע און שטילע, יונגע און אַלטע, אָבער אין דערדאָזיקער פּאַנאָראַמע האָט ער נאָך קיין איינמאָל נישט געפונען וואַנגס פנים און וואַנגס אויגן.

סון, דער פוילער און גיריקער סון האָט געהאַלטן אין

איין קלאָגן און וויינען, אַז ער האָט שוין קיין פּיס נישט און קיין קאָפּ נישט און קיין מאָגן נישט... סון האָט געוואָלט גוט און רויק עסן, ווי אין פּאַלאַץ, אין שאַנכאַי, און ליגן אַ גאַנצן טאָג אויף אַ ווייכער אייראָפּעישער קאַנאַפּע...

קיינער האָט אים נישט געהערט און קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט, און ס'איז געווען ענלעך דערויף, ווי די גאַנצע נסיעה וואָלט געמאַכט געוואָרן בלויז מיט דער איינציקער כּוונה, צו טאָן להכעיס סונען.

דערפאַר אָבער האָט ער אָפּגערוט מיט די ביינער, ווען קין-פאָ האָט באַשלאָסן זיך אַרויפצוזעצן אויף אַ גוטער שיף, וואָס איז איבער די וואַסערן פון האַן-קיאַנג געגאַנגען טיפער אין לאַנד.

דאָ, אויף דער שיף האָבן זיך אייגנטלעך אַלע אויסגערוט. עס איז געווען אַ ווייטע פּראָווינץ מיט אומבאַקאַנטע מענטשן און די געפאַר האָט נישט אַזוי געדראָט, ווי אויף דער יבשה פון די נאָענטע שטעט.

קין-פאָ, וואָס האָט איצט אַזוי געוואָלט לעבן, איז געלעגן אויפן רוקן, אַן אויסגערוטער, אין זיין קאַיוטע, און האָט זיך שטיל געוויגט צוזאַמען מיט דער שיף.

פון צייט צו צייט האָט אים אָבער אַ פּיק געטאָן אין קאָפּ: „וואַנג! מען מוז אים אויסגעפינען!" און דעמאָלט איז ער אויפגעשפרונגען פון אָרט און האָט משוגענערהייט געשעפּטשעט:

„איך טאָר נישט רוען! דאָס איז פוילקייט און נאַכלעסיקייט! אָדער וואַנג אָדער אַ גוטע באַהעלטעניש ביזן טערמין!.."

נאָך דער נסיעה מיט דערדאָזיקער שיף האָט מען זיך

געשלעפּט אַ שטיק צייט צופוס איבער אַ שלעכטן טראַקט. פון די נאָענטע ישובים זענען אַרויסגעשפּרונגען זשוואַווע קינדער, ווי פריילעכע חיהלעך און מען האָט געלאַכט און געחוזקט פון סוֹ-נען, וואָס האָט נישט קיין צאָפּ, נאָר אַ מיעזיש עקעלע...

סון איז אַריינגעפאַלן אין גרויס רציחה און האָט זיך גע-וואָרפן שלאָגן מיט די קינדער. די קינדער זענען אָבער געווען געשיקטער פאַר אים און האָבן אים מכבד געווען מיט שפּיציקע שטיינער אין די זייטן...

סון האָט שוין דעמאָלט אינגאַנצן פאַרגעסן, וואָס ער רעדט און ער האָט געשריען מיטווילדע קולות:

„אַן עושר איז משוגע געוואָרן פון זיין עשירות און איך מוז אים פאָלגן! מען שלעפּט זיך שטאָט-איין און שטאָט-אויס, און פרעג צו וואָס און פאַר וועמען?"

קין-פאָ האָט געשוויגן. אָבער אַז מען איז געקומען אויף דער שוועל פון אַ נייער פּראָווינץ און די צאָל-קאַמער האָט אָפּ-געשטעלט אונדזערע נסיעה-לייט, און סון מיטן פוילן טעמפּ קאָפּ האָט אָנגערופן קין-פאָ ביי זיין אמתן נאָמען, האָט ער דערפאַר זיך באַצאָלט שוין פאַר אַלץ: קין-פאָ האָט אים אויסגעריסן דאָס לעצטע עקעלע פון קאָפּ.

סון האָט זיך מיט גרויס הכנעה צעוויינט און קין-פאָ האָט נאָך געוואָלט אַ טאַנץ טאָן מיטן וועגשטעקן איבער זיין רוקן.

„זיי שטיל..." — האָט קרעג געזאָגט.

„ווערסטו בעסער מאַכן!" — האָט פריי פאַרענדיקט.

מיט דעם, וואָס סון האָט אָנגערופן אין צאָלקאַמער קין-פאָס אמתן נאָמען, האָט ער אַריינגעוואָרפן אַ שוועבעלע אין אַ וואָגן היי.

אין דער נאָענטער שטאָט טאָן-קואַן איז באַלד געוואָרן א גאַנצע מהומה. אויף די גאַסן זענען אויסגעוואַקסן ווילדע מחנות קינעזער, וואָס האָבן, ווי איין מענטש, געשריען:

„קין-פאָ, דער באַרימטער מאַן קין-פאָ איז דאָ! הונדערט יאָר זאָל ער לעבן! נאָר זיין פריינט וואַנג וויל אים א ביסל מקצר זיין דאָס לעבן! ער וויל אים מאַכן כיק-כיק!... קוקט אים נאָר אָן, ווי ער זעט אויס!”

קין-פאָ האָט זיך דערשראָקן פאַר די געשרייען, קרעג און פריי האָבן שטאַרק געאַרבעט מיט די עלנבויגנס. זיי האָבן פשוט איינגעשטעלט דאָס לעבן און ווי עס איז אַרויסגעראַטע-וועט פון די ווילדע מחנות דעם קליענט פון דער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט...

מיט זייטיקע וועגן האָט מען זיך אַריינגעכאַפּט אין א נאָענטן דאָרף, וו מען האָט זיך נישט צוגעזעצט אַפילו און מען איז באַלד געפלויגן ווייטער, און אַזוי אַרום איז ביסלעכ-ווייז ווידער אָפּגעמעקט געוואָרן דער אמתער נאָמען קין-פאָס, וואָס האָט אים פלוצלונג אַרויסגעשווומען אין די שטילע טויטע פראָווינצן פון כינע.

טויטמידע און פאַרשטויבטע זענען זיי אַריינגעפאַלן אין דער שטאָט טאָן-טשעו. עס איז געווען דער 19-טער יוני. אין זיבן טעג אַרום דאַרף זיך ענדיקן דער פאַטאַלער טערמין לויטן פאַ-פירל, וואָס קין-פאָ האָט אַרויסגעגעבן וואַנגען.

אָבער וו איז פאָרט וואַנג?

„מיינע הערן,” — האָט קין-פאָ א זאָג געטאָן מיט גרויס פייערלעכקייט צו זיינע אַגענטן,—מיר געפינען זיך פערציק ליע פון פעקין, און איך מיין, אַז מיר קענען רויק פאַרבלייבן אין דערדאָזיקער שטאָט, ביז עס וועט זיך ענדיקן דער קאָנטראַקט.

וואָס איך האָב געשלאָסן מיטן פילאָזאָף. קיינער קען מיך דאָ נישט און איך קען דאָ קיינעם נישט. מיר וועלן זיך דאָ גוט אויסרוען, אויב סון, דערדאָזיקער טעמפּער קאָפּ װעט געדענקען, אַז מען דאַרף מיך רופן קי־נאַן און אַז איך בין אַ סוחר פון דער פּראָווינץ טשען־סי.

סון האָט בייז געברומט:

„אָבער דער האַר קין־פּאָ..."

„וואָס פאַר..."—האָט קרעג געזאָגט.

„אַ קין־פּאָ?"—האָט פריי פאַרענדיקט,

„דער נאָמען איז..."—האָט קרעג ווייטער געזאָגט.

„קי־נאַן!"—האָט פריי ווייטער פאַרענדיקט.

קין־פּאָ האָט אונטערגערוקט זיין ווייס פּויסטל סונען סאָמען אונטער דער נאָז.

„איך וועל דיך צערייבן אויף מעל,—האָט ער שטיל, נאָר ענערגיש געזאָגט,—ווען דו וועסט מיר נאָכאַמאָל אָנרופן ביים אמתן נאָמען..."

סון האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

אין טאָן־טשעו האָבן זיי אָפּגעזוכט אַ פאַסיקן האָטעל און אַלע האָבן זיך באַלד אַ וואָרף געטאָן שלאָפן. אָבער איבערגעשלאָפן רויק די נאַכט, איז מען אינדערפרי, נאָכן פרישטיק, געבליבן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. עס איז נישט געווען וואָס צו טאָן. קין־פּאָ האָט אויף זיין אַלטן שטייגער געגענעצט.

„מען דאַרף קויפן..."—האָט קרעג געזאָגט.

„די אָפיציעלע צייטונג!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

„יאָ, איר זענט גערעכט!"—האָט זיך קין־פּאָ דערפרייט.—פון דער צייטונג וועלן מיר זיך אפשר דערוויסן, וואָס הערט זיך מיט וואַנגען."

זאַלבעדריט זענען זיי אַרויס פון האָטעל, ווו זיי האָבן איבערגעלאָזט סונען. ער איז געלעגן אין קיך און געכראָפּעט און דאָס גאַנצע פּנים איז אים□ געווען באַדעקט מיט פליגן, וואָס האָבן זיך מחיה געווען מיט זיין בלוט.

אויף דער ברעג-גאַס האָבן די אַגענטן געקויפט אַ צייטונג און שטייענדיק אויף איין אָרט, איז מען זי באַלד אַדורכגעלאָפן מיט די שאַרפע אויגן.

קין-פאָ האָט געפרעגט:

„נו, וואָס הערט מען אין דער צייטונג?"

„כמעט ווי גאָרנישט... עס איז דאָ..." — האָט קרעג געזאָגט.

„אַן אַנאָנס וועגן וואַנגען!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

„צווייטויזנט דאָלאַר אָדער 1300 טאַעלעס..."—האָט קרעג געזאָגט.

„ווער באַקומען דער, וואָס וועט אָנווייזן דאָס אָרט, וווּ וואַנג האָט זיך באַהאַלטן!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

„איז נאָך אַלץ, הייסט עס, פון וואַנגען קיין זכר נישטאָ?" — האָט קין-פאָ געפרעגט. — „ווו האָט ער זיך דאָס פאַרשטעקט, צו אַלדי רוחות? און וואָס טראַכט ער זיך, דער פילאָזאָף? איך פאַרשטיי אים נישט!..."

מען האָט לאַנג געשמועסט זאַלבאַדריט. דאָס, וואָס דער פילאָזאָף ווייזט זיך נאָך אַלץ נישט, באַווייזט, אַז ער ד־האַלט פון קאָנטראַקט און וויל מקיים זיין דאָס וואָרט, וואָס ער האָט געגעבן. די לאַגע איז אַזויאַרום□ אַן ערנסטע. פאַראַן אָבער דריי וועגן, ווי אַזוי זיך אויסצעהיטן פון דער קאַטאַסטראָפע. מען קען זיך פאַרשליסן אויף די זעקס טעג, וואָס זענען נאָך פאַרבליבן ביזן טערמין, אין צימער פון האָטעל און אויף קיין

איין מינוט נישט אַרויסשטעקן די נאָז פון דאָרט. מען קען זיך אויך לאָזן פאַראַרעסטירן, ווי אַ פאַרברעכער און אַזוי אַרום איבער חאַרטן אין תפיסה די שווערע צייט. די תפיסה איז פאָרט אַ גוטע פעסטונג פאַר אַ זייטיקן מענטשן און וואַנג וועט נישט קע-נען אַריינדרינגען אַהין. מען קען אָבער אויך זיך מאַכן פאַר אַ טויטן, פשוט קין-פאָ איז געשטאָרבן און אויפשטיין תחית-המתים ערשט נאָכן טערמין...

קין-פאָ האָט אָבער געזאָגט:

„איר קענט נישט וואַנגען! וואַנג קען אַריינדרינגען אין האָ-טעלצימער און אין תפיסה און אין קבר... פאַר אים עקזיסטירט נישט קיין שום מניעה. אויב ער האָט מיך ביז איצט נישט דער-הרגעט, איז עס מסתמא דערפאַר, איך זאָל מיך גוט אָנמוטשען, וואַרטנדיק, און אין די לעצטע טעג וועט ער טאָן, וואָס ער דאַרף..."

„טאָ ווי..."—האָט קרעג געזאָגט.

„קומט ביי אייך אויס?"—האָט פריי פאַרענדיקט.

קין-פאָ האָט אַ ווײַלע אָפּגעוואַרט און נאָכדעם אנטגילטיק געזאָגט:

„איך בלייב דאָ אין שטאַט און איר וועט מיך היטן... איר זענט בראַווע יונגען און איר וועט טאָן אייער פליכט. פון דער-דאָזיקער שטאָט ריר איך מיך נישט. און דאָ דאַרף עס געשען: אָדער—אַהער, אָדער—אַהין. אָדער—לעבן, אָדער—טויט... און מער רעדן מיר נישט וועגן דעם. איך פאַרלאָז מיך איצט אינגאַנצן אויף אייך!.."

„ס'וועט זיין אַזוי..."—האָט קרעג געזאָגט.

„ווי איר פאַרלאַנגט!"—האָט פריי צוגעגעבן.

און אָט איז טאָן-טשעו געוואָרן זייער היים. קין-פאָ האָט

פֿאַרוואָרפֿן אַלע פּלענער און האָט פֿעסט באַשלאָסן צו פֿאַרבלייבן דאָ.

טאָן־טשעו איז אַן אַלטע שטאָט, וואָס ליגט ביים קאַנאַל פּיי־כאָ און ביי אַ צווייטן קאַנאַל, וואָס פֿאַרייניקט די שטאָט מיט פּעקין. אין טאָן־טשעו איז דעריבער אַ גרויסע באַוועגונג. עס איז אַ האַנדלספּונקט און אַ גרויסער טראַנספּאָרטפּונקט. אויף די גאַסן איז לעבעדיק. מען קויפֿט און מען פֿאַרקויפֿט און עס שיטן זיך מענטשן, ווי געדיכטע פּראָצעסיעס. ווער עס איילט צו די קאַנאַלן, ווער אין אַ געשעפֿט, מען שלעפּט פּעק, מען לאָדעוועט קאַסטנס, מען קלאַפּט און מען אַרבעט.

קין־פֿאָ איז געגאַנגען פֿאָרויס און די אַגענטן הינטער אים מיט שאַרף אַרבעטנדיקע אויגן. די אַגענטן האָבן געטראַכט, אַז צווישן גרויסע מחנות מענטשן איז די סכּנה קלענער. וואַנג קען בעסער אָפּטאָן זיין שטיקל אַרבעט אין אַ טויטן געסל. דער חלף וועט זיך דאָך נישט אויפֿהייבן אַזוי געשיקט און שנעל אין דער רוישיקער באַוועגונג פֿון אַ גרויסער מחנה. און אַזוי ווי איין מחשבה האָט זיך תּמיד געפּלאָנטערט אין ביידע קעפּ פֿון די אַגענטן, האָט קרעג אָנגעקוקט פּרייען און פֿריי האָט אָנגעקוקט קרעגן, און קרעג האָט געזאָגט:

„ס׳וועט זיין...”

און פּריי האָט באַלד פֿאַרענדיקט:

„גוט!..”

זיי זענען געגאַנגען גאַס־איין, גאַס־אויס צווישן געדיכטע כוואַליעס מענטשן. עס האָט כּסדר געגאָסן מיט פּנימער. קרומע כינעזישע אויגלעך האָבן זיי לייכט אָנגעקוקט און פֿאַרבייגעשווומען. אויף אַ ברייטן פּלאַץ, געדיכט פֿאַרזייט מיט מענטשן, האָט קין־פֿאָ פּלוצלונג דערהערט זיין נאָמען.

דער שאַנכאַיער עושר האָט זיך אינסטינקטיוו אָפּגעשטעלט. די אַגענטן האָבן זיך געכאַפּט פאַר די רעוואָלווערן. עס איז געווען אַ מינוט פון גרויס אָנשטרענגונג און פּחד.

די אַגענטן זענען געווען גרייט צו שיסן אויף רעכטס און אויף לינקס.

דער גרויסער המון, וואָס האָט אויסגעפילט דעם פּלאַץ, האָט זיך באַוועגט, מען האָט גענומען פּאַטשן מיט די הענט. אַ הילכיק געלעכטער האָט זיך בררייט און ווילד צעגאָסן, ווי אַ טייך אין אַ געוויסער.

אָבער קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף קין-פּאָ. אויף די אַגענטן זענען געהאָנגען תּמעוואַטע פּנימער.

די זאַך איז אָבער באַלד קלאָר געוואָרן: אַ גאַסנזינגער האָט געזונגען דאָס שטאַרק פּאָפּולערע ליד וועגן קין-פּאָ און וועגן דער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט „Centenaire".

קין-פּאָ האָט דער ערשטער פאַרשטאַנען, אַז קיינער קען אים דאָ נישט און אַז קיין שום סכּנה דראָט אים דאָ נישט פון דער זייט. ער האָט זיך אויפגעהייבן אויף די שפּיץ פינגער און האָט אַריינגעוואָרפן זיינע נייגיריקע אויגן אין דער געדיכטער מאַסע.

אויף אַ הויכן בערגל איז געשטאַנען דער זינגער. אָפּגעוואַרט ביי אַ פּאָר מינוט, האָט ער געגעבן אַ צייכן מיט אַ פינגער, אַז ער וויל ווייטער זינגען. אַ טויטע שטילקייט האָט אַרומגעכאַפּט דעם פּלאַץ.

„מיר מאַכן..."—האָט קרעג אַ עפּעטשע געטאָן צום שאַנכאַיער עושר און האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט.

„פּליטה!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

אָבער קין-פּאָ האָט באַמערקט:

„נישטאָ זיך, וואָס צו שרעקן. לאָמיר אויך הערן, וואָס מען זינגט. מען זינגט דאָך וועגן מיר...“

ער האָט אָפּגעהאַלטן די אַגענטן און איז אַלץ געשטאַנען אויף די שפּיץ פינגער, אומבאַוועגט, ווי אַ צוגעשמידעטער צו דער ערד.

און דער זינגער האָט איצט געזונגען דאָס ליד וועגן די פינף שמירות, דאָס ליד, וואָס האָט זיך אָן הפסקות געגאָסן פון דאָרף צו דאָרף, פון שטאָט צו שטאָט.

קין-פאָ האָט געקענט דאָס ליד. פריער, אין שאַנכאַי, בשעת ער האָט נישט געוואָלט לעבן, האָט אים טיף אָפּגעעקלט פון דעמדאָזיקן ליד. ער האָט נישט געקענט הערן די ווערטער. אָבער איצט האָבן זיי אים גערירט, געגלעט דאָס האַרץ, אַזוי, אַז די אויגן האָבן זיך אים אָנגעפילט מיט וואַרעמע טרערן.

ער האָט געפילט, ווי ער שטייט אין דער גרויסער גע-דיכטער מאַסע און קיינער קען אים נישט, אָבער דאָס איז ער, קין-פאָ, וועגן וועלכן עס ווערט מיט אַזויפיל האַרץ געזונגען און וואָס זיין לעבן הענגט אויף אַ האָר... און אין זיינע אויגן איז פּלוצלונג אויסגעוואַקסן געוואָרן זיין לעבן, עס האָט מיטאַמאָל באַקומען אַ סך זין און באַדייטונג, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ס'איז באמת ווערט באַזונגען צו ווערן.

און דער זינגער זינגט פון די פינף שמירות.

די ערשטע שמירה.

אין שאַנכאַי איז דאָ אַ פּאַלאַץ,
טרינקט ער ליכט פון דער לבנה
מיט די הויכע שטרענגע פענסטער.
וווינט אַ יונגער האַר אין פּאַלאַץ,
איז ער צו אַ דעמבע ענלעך.

און דער האר, ער האט זיין נאמען—
כ'וועל אייך זאגן: קין־פא הייסט ער.

## די צווייטע שמירה.

אין שאנכאי איז דא א פאלאץ,
שווימט ער אין לבנה־שטראלן,
ווי אין שטילן ים באגינען.
ווי דער פאלאץ, שווימט דער יונגער
האר אין מאכט און אין עשירות.
ס'זינגען אים פארטאג די פייגל,
ליכט און גלאנץ באגלייט אים תמיד.

## די דריטע שמירה.

אין שאנכאי איז דא א פאלאץ,
קושט ער זיך מיט דער לבנה,
און דער יונגער האר פון פאלאץ
לעבט אין רחבות, אין עשירות.
דאך האט זיך ארייגעגנבעט
אומעט, צער און מרה־שחורה
אין דעם פאלאץ. אלט געווארן
איז קין־פא. פון זיינע אויגן
ווינקט דער טויט, ווי מיט א פינגער.

## די פערטע שמירה.

אין שאנכאי איז דא א פאלאץ,
ליגט אויף אים א נאכט א שווארצע.
אלט איז שוין דער האר פון פאלאץ—
אכציק יאר איז אים געווארן.
גייט ער שווער און טיף געבויגן,
קוקט מיט ווי אויף ערד און הימל,

שווייגט און כעסט אויף די זינגער,
און די ליפן זיינע האָבן
לאַנג דעם שמייכל שוין פאַרלאָרן.

## די פינפטע שמירה.

אין שאַנכאַי איז דאָ אַ פּאַלאַץ,
טרינקט ער חושך פון די הימלען.
דאָרט וווינט אַ מאַן אַן אַלטער —
הונדערט יאָר איז אים געוואָרן.
שטאַרבן וויל ער און ער בעט זיך:
„נעמט מיך צו אין טויט־מנוחה,
מיינע אויגן ווילן רוען!“
נאָר עס גייט דער טויט פּאַמעלעך
און ער שפּילט זיך מיטן זקן.

דער זינגער האָט געענדיקט. דער עולם, שטאַרק גערירט, האָט געפּאַטשט מיט די הענט און געשריען. מאַנבעס האָבן געשיינט. קליינע קלינגענדיקע מטבעות זענען פון אַלע זייטן געפלויגן צום זינגער.

קין־פאַ האָט אויך געוואָלט שענקען אַ מטבע דעם זינגער און האָט זיך אַדורכגעשפּאַרט צו אים מיט דער הילף פון זיינע אַגענטן. ער האָט געטראַכט בעת מעשה: „אָט גייט קין־פאַ, אָבער קיינער דערקענט מיך נישט!..“

אָבער אין דער מינוט, ווען ער האָט זיך אַדורכגעשפּאַרט צום זינגער מיט אַן אויסגעצויגענער האַנט, אין וועלכער עס איז געלעגן אַ מטבע, איז ער פּלוצלונג בלאַס געוואָרן און האָט אויפגעציטערט מיטן גאַנצן גוף. די מטבע איז אים אַרויסגעפאַלן פון דער האַנט.

קין-פאָ האָט זיך געטראָפן מיט די אויגן פון זינגער און ביידע האָבן זיך טיף איינגעקוקט אינאיינאַנדער.

„אָך!"—האָט ער אַ געשריי געטאָן און זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ.—„וואַנג! וואַנג!"

די אָגענטן האָבן, ווי איין מענטש, אַרויסגעכאַפּט די רע-וואָלווערן פון די זייטיקע קעשעניש.

„וואַ..."—האָט קרעג אַ געשריי געטאָן נישט מיט זיין קול.

„נג!..—האָט פריי פאַרענדיקט.

פיר פּאָר אויגן האָבן זיך מיטאַמאָל איינגעגעסן אינאיינ-אַנדער. דער פילאָזאָף האָט זיך אויסגעדרייט און גלייך געמאַכט פּיס. קרעג און פריי האָבן זיך באַלד אַוועקגעלאָזט נאָך אים.

קין-פאָ, וואָס איז געשטאַנען אַ צעמישטער, האָט זיך אויך אַ וואָרף געטאָן צום פילאָזאָף.

וואַנג איז אָבער געפלויגן, ווי אַ רוח און מען האָט אים בשום אופן נישט געקענט דעריאָגן. עטלעכע כינעזער זענען אויך מיטגעלאָפן מיט קין-פאָ און זיינע אַגענטן, מיינענדיק, אַז דערדאָזיקער זינגער האָט נאָך אַ פּראָפעסיע — אַ פאַרברע-כערישע...

מען איז געפלויגן, ווי די שדים, מיט אַלע כוחות, מיט דער גאַנצער ענערגיע און אויף קיין איין מינוט נישט אָפּגע-כאַפּט דעם אָטעם.

אָבער מען האָט אים נישט געקענט דעריאָגן. דער פילאָ-זאָף האָט געהאַט געשיקטע פיס, ווי אַ הירש. וואנגס פליטה איז אָבער געווען אומפאַרשטענדלעך. למאי אַנטלויפט ער? ווער וויל אים שלעכטס טאָן? וואָס מיינט ער דערמיט?

אַ צעהיצטער אין אַן אויפגערעגטער, האָט שוין קין-פּאָ געשריען:

„וואַנג, שטיי! האַלט זיך אָפּ! וואַנג, איך בין נישט פאַר־אָרעמט געוואָרן! איך בין נאָך רייכער, ווי פריער! שטיי, וואַנג, שטיי!"

קרעג און פריי האָבן אים נאָכגעשריען, ווי איין מענטש:
„רייך! רייך! רייך!"

וואַנג האָט זיי אָבער נישט געהערט און איז ווייטער גע־פלויגן פייל אויסן בויגן. פאַרבייגייענדיקע כינעזער האָבן זיך מיט גרויס נייגיר צוגעקוקט צו די לויפער, האָבן זיך צוגע־שטעלט און געקווענקלט אַ ווײַלע און באַלד דערויף זיך אויך אַוועקגעלאָזט כאַפּן דעם פילאָזאָף. קיינער האָט נישט געוווּסט, וועמען מען יאָגט דאָ און וואָס פאַר אַ פאַרב־עך איז באַגאַנגען דער געיאָגטער. דער אימפּעט פון די לויפער האָט יעדן אײַנעם מיטגעשלעפּט, ווי אַ ווינט...

איצט איז געלאָפן אַ גאַנצע מחנה נאָך איין מענטשן און קיינער האָט אים דערוויל נישט דעריאָגט. דער פילאָזאָף האָט צוגעלייגט די פויסטן צו דער ברוסט און האָט געוואָרפן די פיס אין דערלופטן, ווי לאַנגע שטעקנס.

טיילמאָל האָט אויסגעוויזן, אַז ער פאַרלירט די כוחות און ער וועט באַלד אַנידערפאַלן. די צוויי אַגענטן האָבן זיך טאַקע אויסגעצויגן פאָרויס מיט אויסגעצויגענע הענט, פּונקט ווי זיי וואָלטן אים שוין געפּאַקט, אָבער אין אַ קריטישער מינוט האָט זיך דער אַלטער מורד אַ וואָרף געטאָן אין אַ זייט און האָט גענומען אַרבעטן מיט די פיס נאָך שטאַרקער, ווי פריער.

קין-פּאָ, אַ פאַרשוויצטער, אַ רויטער, מיט אַ שווערן אָטעם, איז אַרײַנגעפאַלן אין פאַרצווייפלונג און האָט גענומען שרייען

צו זיינע מיטלויפער.

„טויזנט טאַלעס! טויזנט טאַלעס באַקומט דעריעניקער,
וואָס וועט כאַפּן דעם זינגער! טויזנט טאַלעס!"

און די אַגענטן האָבן אים נאָכגעשריען, ווי גלעקלעך:
„טויזנט טאַלעס, רבותי!!! געלט! געלט! געלט!.."

די מחנה לויפער האָבן געעפנט די מיילער, פאַרקרימט די פנימער און ווילד געשריען צו איינאַנדער:

„הערט נאָר אַ סומע! טויזנט טאַלעס!!! ווי, מיר וועלן אים נישט כאַפּן? מען גיט דאָך אַזויפיל געלט דערפאַר!!"

אַ פרישער שטראָם ענערגיע האָט אַרומגעכאַפּט די לויפער. זיי האָבן זיך געוואָרפן ווילד פאָרויס, אָבער קין-פאָ מיט זיינע אַגענטן זענען דאָך געפלויגן פון די ערשטע.

דער פילאָזאָף האָט שוין, קענטיק, פאַרלאָרן די כוחות. ער האָט געמאַכט זיגזאַגישע קונצן, איז געלאָפן, ווי אַ האָז און האָט עפטער אויסגעדרייט דעם קאָפּ. מיט יעדער מינוט איז פאַרקלענערט געוואָרן דער שטח צווישן אים און די כאַפּער. די לעצטע האָבן געהאַלטן ביי דרייסיק טריט פון אים, נאָכדעם ביי צוואַנציק און איצט ביי צען.

וואַנג איז געלאָפן ביים ברעג פון פּיי-כאָ. צום לעצטן מאָל האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו די פאַרפאָלגער, נאָכדעם האָט ער גוט צוגעדריקט די הענט צו דער ברוסט און האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין וואַסער אַריין.

קין-פאָ איז צוגעשפרונגען צום ברעג. ער האָט אָפּגעצויגן דעם אָטעם און אַ קוק געטאָן אין וואַסער אַריין.

„ניין, איך מוז אים פאַקן אַ לעבעדיקן!" — האָט ער אַ געשריי געטאָן, און, צוגעדריקט די פויסטן צו דער ברוסט, ווי

דער פילאָזאָף, האָט ער זיך כּהרף־עין אַריינגעוואָרפן אין טייך אַריין.

„פריי?" — האָט קרעג באַלד דערויף געפרעגט.

„קרעג?"—האָט פריי באַלד דערויף געענטפערט.

ביידע האָבן זיך איינגעקוקט אין איינאַנדער.

„צוויי הונדערט טויזנט דאָלאַר אין וואַסער!"—האָבן ביידע גלייך, ווי איין מענטש, אַרויסגעזאָגט און ביידע, ווי איין מענטש, אַריינגעשפּרונגען אין פּיי־כאָ.

„פּיולך! פּליוך!"—זענען איינע נאָך די אַנדערע געשפּרונגען אין וואַסער די מיטלויפער־כינעזער, וואָס האָבן געוואָלט פּאַקן אַ לייכט פּאַרדינסטל.

ס'איז אָבער געווען אומזיסט. דער פילאָזאָף איז ווי דורך אַ כּישוף אַנטרונען געוואָרן אין פּיי־כאָ. צווישן די רויקע כוואַליעס פון דעמדאָזיקן טייך האָט מער זיך נישט אַרויסגעזען וואַנגס שווימענדיקער קאָפּ...

„אַפּנים, אַז ער איז דערטרונקען געוואָרן!" — האָט מען געשמועסט.

מען האָט אים אַרומגעזוכט אויפן טייך גאַנצע צוויי שעה צייט און מען האָט אים נישט געפונען. ער איז טאַקע, „ווי אין וואַסער אַריין..."

מידע און דערפרוירענע און פּאַריאושטע, איז דער גאַנצער פּעקל שווימער אַרויסגעקראָכן פון וואַסער אויפן ברעג. קין־פּאָ איז געוואָרן ברוגז און בייז, דאָס וואַסער האָט אים [redacted] געראַנעט פון די נאָזלעכער, פון די הויזן, פון די אַרבל, פון העמד...

ער האָט שטיל געברומט צו זיינע אַגענטן, וואָס זענען געשטאַנען לעבן אים, ווי צוויי נאַסע הענער:

„אין דערדאָזיקער שטאָט פֿאַרבלייב איך נישט מער. איך בין אויפגערעגט און איך בין מיד..."

„וואָס קלערט..." — האָט קרעג געפרעגט.

„דער הער צו טאָן?" — האָט פריי פֿאַרענדיקט.

און קין-פֿאָ האָט געזאָגט:

„קיין פּעקין וועלן מיר פֿאָרן! ס׳איז אַ היגטיש לעבן!"

„נו, זאָל זיין..." — האָט קרעג געזאָגט.

„קיין פּעקין!" — האָט פריי פֿאַרענדיקט.

„און ווי מיינט איר?" — האָט קין-פֿאָ געפרעגט. — „וואָס איז מיט וואַנגען?"

ביידע האָבן אַ שאָקל געטאָן מיט די קעפּ, ווי איין פּענטש.

„ער איז..." — האָט קרעג געזאָגט.

„דערטרונקען געוואָרן!" — האָט פריי פֿאַרענדיקט.

און קין-פֿאָ האָט געשעפּטשעט:

„אַ שאָד... אַ שאָד..."

# די פארשטערטע חתונה.

ליע-או, די שיינע, יונגע, רייצנדיקע אַלמנה, האָט זיך זייער געפּייניקט. זי האָט פריער געהאַט גרויס שמחה פון קין-פּאָס בריוו, אָבער נאָך דערדאָזיקער שמחה איז זי אַריינגע-פאַלן אין מרה-שחורה. דער שאַנכאַיער עושר האָט זיך מער נישט געלאָזט הערן. עס איז געווען קלאָר, אַז ער שפּילט זיך מיט איר.

ביינאַכט האָט זי נישט געקענט שלאָפן, בייטאָג האָט זי נישט געקענט וואַך זיין. זי האָט אַרויפגענומען אירע קליינע פיס-לעך אויפן געלעגער און האָט שטיל צוגעכליפּעט, ווי אַ פאַר-לאָזטע יתומה.

די אַלטע נאַן האָט געוואָרטשעט:

„צו וואָס דאָס ליגן אינמיטן העלן טאָג ?... קלאָרע מענטשן, נישט קיין צעבאַלעוועטע, ליגן נישט... די האַרינטע ווייס שוין אַליין נישט, וואָס זי וויל פון ווילטאָג און פון רחבות..."

און ליע-או האָט פּראָטעסטירט קעגן דעמדאָזיקן אומגע-

רעכטן וואָרטשען און איר פּראָטעסט האָט זי אויסגעדריקט דערמיט, וואָס זי האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט.

„די אַלטע באַן איז אַ שלאַנג!“ — האָט זי געטראַכט און האָט צוגעמאַכט די אויגן.

אָבער מיטאַמאָל האָבן זיך געענדיקט אירע קלעפּיקע, שווערשטייענדיקע טעג: אין אַ שיינעם לינעזישן פרימאָרגן האָט די אַלטע באַן געעפנט די טיר און האָט אַרייַנגעלאָזט אינעם שטילן הייזעלע, וואָס האָט געשמעקט מיט פאַרבענקטער יונגער אַלמנה, פיר פאַרשטויבטע פאַרשויגנען.

ליע-או האָט זיך אַראָפּגעכאַפּט פון געלעגער, האָט אויפגעריסן אויגן און דאָס גאַנצע בלוט איז איר אַנטרונען געוואָרן פון די צאַרטע בעקלעך. זי האָט נישט געוווּסט וואָס צו טאָן: צו וויינען, צו לאַכן, צי קניען פאַרן שאַנכאַיער עושר.

און קין-פאָ האָט געשמייכלט און געזאָגט:

„אָ, מיין יינגערע שוועסטער, מיינע אויגן זעען אייך! איך האַלט וואָרט, איך בין געקומען...“

און ליע-או האָט זיך חנעוודיק אָפּגעשוואַכט און האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ שטול און האָט אויסגעצויגן די לאַנגע פינגער אויף די קני און שטיל געקלונגען מיט איר זילבערן שטימעלע:

„מיין עלטערער ברודער האָט מיך געלאָזט ליידן... עס איז מיר ענג געווען פון ליבע... און אויב מיין עלטערער ברודער האָט אַ חשד, אַז מיין וואָרט איז נישט אינגאַנצן אויפריכטיק, וועל איך אים ווייזן!..“

זי האָט זיך אויפגעהייבן פון שטול און איז צוגעגאַנגען צו איר אַפּאַראַטל.

„אַלע טאָג האָב איך גערעדט מיט דעמדאָזיקן חבר מיי־
נעם. ער איז אַן עדות און זאָל ער רעדן פאַר מיר..."

זי האָט אַ דריק געטאָן אַ פּרוזשינקע אין אַפּאַראַטל און
צאַרטע ווערטער האָבן זיך גענומען גיסן פון אים, ווי פאַרביקע
שפּריצן פון אַ קליין פאָנטאַנדל:

„אָ, מיין עלטערער ברודער, קום צו מיר!.. מיין לייב
איז דיין לייב, מיין האַרץ—דיין האַרץ. מיר וועלן זיך שענקען
איינאַנדער אין שטילקייט און דאָס ליכט פון מיין אויג וועט
זיך גיסן אויף דיר. ליע־או זוכט קין־פאָ. ביידע מוזן זיך פאַר־
בינדן..."

דאָס אַפּאַראַטל איז אַנטשוויגן געוואָרן, אָבער אין אַ מינוט
אַרום האָט ער גענומען משונה וואָרטשען:

„יאָ, מען באַדאַרף נאָך דאָ האָבן אַ האַר!... אַ שד זאָל
אייך ביידן כאַפּן... די האַריגטע אַליין איז ווייניק... פאַרבינדט
אייך, פאַרבינדט אייך... עס וועט קומען דער פּרינץ יען און וועט
אייך ביידן דערשטיקן, ווי די קעץ!..."

דאָס האָט נאָך געוואָרטשעט באַלד נאָכדעם, ווי די יונגע
אַלמנה האָט אַריינגערעדט אין אַפּאַראַטל. איר וואָרטשען האָט
זיך אַזויאַרום אָפּגעשטעמפּלט אין אַפּאַראַטל.

ביידע אַגענטן האָבן זיך איבערגעקוקט און געשמייכלט.
דער צרהדיקער סון האָט זיך אַפילו אַ קניפּ געטאָן אין קני פון
הנאה.

עס איז געווען אַ פיינלעכע מינוט. קין־פאָ האָט אָנגעברוגזט
דאָס פּנים און געזאָגט:

„מיין יינגערע שוועסטער ברויכט זי נישט צו האַלטן, די
אַלטע מכשפה. נאָך היינט זאָל איר פוס דאָ נישט זיין!"

ליע־או, וואָס איז געווען אַזוי ווייך און צאַרט, אַז זי

האָט אַפילו רחמנות געהאַט אויף דער אַלטער נאַן, האָט אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ, ווי אַ פאַרשולדיקטע. אָבער קין־פאָ האָט שטרענג געזאָגט:

„נאָך היינט זאָל זי דאָ נישט זיין! דאָס איז מיין באַגער. מען מוז מיר געהאָרכן!"

און ליע־או האָט זיך געוויטלט מיט די צאַרטע, בלאַסע בעקלעך און האָט געשעפּטשעט:

„דערדאָזיקער באַגער וועט דערפילט ווערן..."

אין דעם אייגענעם טאָג האָט מען משלח געווען די אַלטע בייזע וואָרטשעדיקע נאַן, און קין־פאָ האָט זיך באַזעצט ביי דער יונגער אַלמנה אין הויז.

מען האָט זיך געגרייט צו דער חתונה. אין זעקס טעג אַרום האָט זיך געדאַרפט ענדיקן דער פאַטאַלער טערמין. אָבער עס איז שוין נישט געווען, ווער עס זאָל היטן דעמדאָזיקן טערמין: קין־פאָ מיט זיינע לייט האָבן געהאַלטן, אַז דער אומרויקער פילאָזאָף איז דערטרונקען געוואָרן אין פיי־כאָ.

נאָך אַ קליינעם ישוב־הדעת האָט קין־פאָ אָפּגעלייגט זיין חתונה אויף דעם פינפאונצוואַנציקסטן יוני, אַ טאָג, וואָס האָט אייגנטלעך באַדאַרפט זיין, לויטן אָפּמאַך, דער לעצטער פון זיין עקזיסטענץ.

פאַרנאַכט, ווען ווייכע שאָטנס האָבן געלאָשן דאָס ליכט פון טאָג אין די קליינע אינטימע חדרימלעך, האָט קין־פאָ איבערגעשמועסט פון אַלץ, אויג אויף אויג, מיט דער יונגער אַלמנה. ליע־או איז געזעסן, אַ גליקלעכע, און האָט געשוויגן. אָבער אַז עס איז געקומען צו דעם אָרט פון זיין שילדערונג, ווי אַזוי וואַנג, געיאָגט און גערודפט פון אַ גרויסער מחנה מענטשן, איז אַריינגעשפּרונגען אין פיי־כאָ און האָט זיך דערטרונקען,

האָט זיך ליע-או ביטער צעוויינט.

האָט ליב געהאַט דעם פילאָזאָף. זי האָט אים ליב געהאַט פאַר זיין רויקייט און פאַר זיין שכל. און זי האָט אים ליב געהאַט אויך דערפאַר, וואָס ער איז אייגנטלעך געווען דער שדכן צווישן איר און דעם יונגן שאַנכאַיער עושר. אירע ליפּלעך האָבן גענומען ציטערן, ווי ביי אַ קינד.

„דער וואַנג האָט באַדאַרפט לעבן,” — האָט זי שטיל געכליפּעט,—„און ער האָט זיך באַדאַרפט משמח זיין אויף אונדזער חתונה...”

„יאָ,”—האָט קין-פאָ צוגעשטימט,—„מסתמא איז עס אָבער אַזוי באַשערט. איך ווייס נישט, צו וואָס ער האָט זיך דערטרונקען. איך האָב אים קיין שלעכטס נישט געוואָלט טאָן...איך האָב נאָר געוואָלט, ער זאָל מיר אומקערן צוריק דאָס נאַרישע פּאַפּירל.”

און זי האָט אויפגעהייבן אירע אויגן, פייכטע פון גוטע טרערן, און האָט געפרעגט:

„שוין-זשע וואָלט ער אויפגעהייבן זיין האַנט אויפן חשובן קין-פאָ, אויף זיין תלמיד, וואָס ער האָט אים דערצויגן און געלערנט זיין גאַנץ לעבן? ניין, דער גוטער וואַנג וואָלט עס קיינמאָל נישט געטאָן.”

„אָבער עס האָט זיך דאָך געהאַנדלט וועגן מיין לעבן, ליבע ליע-או,”—האָט ער זיך ווי פאַרענטפערט.

נאָכדעם האָבן ביידע געשוויגן, און דער פאַרנאַכט האָט אַלץ מער און מער ווייך פאַרלייגט און פאַרשטעלט ווייערע פנימער ביז מען האָט אָנגעצונדן פייער.

קין-פאָ האָט זיך אויפגעהייבן און געפרעגט אין דער לופט

„און וואָס זאָל איך איצט טאָן מיט די צוויי אַגענטן?
איך דאַרף זיי שוין נישט מער!..."
איצט זענען זיי שוין טאַקע געווען איבעריק. דער גע-פּערלעכער פּילאָזאָף ליגט אויפֿן דנאָ פֿון פּיי-כאָ און קין-פּאָ טראַכט שוין נישט מער פֿון זעלבסטמאָרד... דער שאַנכאַיער עושר איז פֿאַרליבט און וויל לעבן. די לופֿט פֿון דידאָזיקע אינ-טימע הדרימלעך מאַכט אים אָנגעשטרענגט און ליידנשאַפֿטלעך און לעבנסדורשטיק.
ער האָט זיי אָבער נישט געקענט אָפּזאָגן. זיי האָבן אים ביז אַהער צו טריי געדינט און האָבן אים, אגב, געהאַט צו דינען בלויז געציילטע טעג.
די לעצטע צייט איז ער אַזוי ווי צונויפגעוואַקסן געוואָרן מיט זיי. טאָג און נאַכט האָבן זיי אים געהיט און ער האָט זיי געפֿילט, ווי אַ טייל פֿון זיין קערפּער. אין אָוונט האָט ער זיי געזאָגט:
„איר וועט זיין אויף מיין חתונה... עטלעכע טעג וועלן מיר זיך משמח זיין—איר טאָרט נישט פֿעלן אויף מיין שמחה."
ער האָט געשמייכלט און האָט צוגעגעבן:
„בפֿרט נאָך, אַז דאָס חתונה האָבן איז ענלעך צו זעלבסט-מאָרד..."
„אָבער אַ זיסער..."—האָט קרעג געזאָגט.
„זעלבסטמאָרד!"—האָט פֿריי פֿאַרענדיקט.
צומאָרגנס איז שוין געווען אַ פֿאַרטרעטערין אויף נאָנס אָרט. אַ חשובע פֿרוי, אַ ווייב פֿון אַן אָנגעזעענעם מאַנדאַרין, איז געוואָרן די אויפֿזעערין פֿון ליע-אוס הויז.
מען האָט זיך שטאַרק געגרייט צו דער חתונה. די בייע

היפזוערין האָט געגעבן אָנצוהערניש דעם שאַנכאַיער עושר, אַז ביז דער חתונה באַדאַרף ער מוינען באַזונדער. ער האָט איינגעפונען, אַז זי איז גערעכט און האָט זיך גענומען אַ גרויס צימער אין האָטעל „טעמפּל פון הימלגליק.“ אין אַ שכנישדיקן צימער האָבן זיך אַריינגעצויגן קרעג און פריי.

קין-פאָ האָט איצט רויק געלעבט. אין פּעקין, אין דער-דאָזיקער גרויסער רעזידענצשטאָט, האָט ער אפילו אָפּגעזוכט אַ פּאָר גוטע באַקאַנטע — דעם נעגאָציאַנט פּאַנג און דעם למדן כואַל. מען האָט צוזאַמען פריילעך און אינטערעסאַנט פאַרבראַכט די צייט. צו זייער קליינער קאָמפּאַניע האָבן זיך צוגעקלעבט עטלעכע יונגע באַאַמטע און רייכע קאָמערסאַנטן.

די פרייע אָוונטן פלעגט ער שענקען דער יונגער אַלמנה אין אירע אינטימע צימערלעך, וו די ווייכע לופט פלעגט אים קלעבן צו איר. קין-פאָ איז געווען גליקלעך. ער האָט געפילט, ווי אַ שטאַרקער לעבנסשטראָם פאַרכאַפּט אים און טראָגט אים אויף זיינע זינגענדיקע לויפיקע כוואַליעס.

ער האָט כמעט ווי פאַרגעסן אין וואַנגען.

ער איז פונדאָסניי געבוירן געוואָרן.

אויף זיין מידן קאָפּ, וואָס איז געלעגן אין די ווייכע אָרעמס פון דער יונגער אַלמנה, איז געפאַלן איר צאַרט שעפּ-טשען.

זי האָט עפּעטער געשעפּטשעט די קלוגע ווערטער פון באַ-רימטן פאַן-כאָיעי-פאַן:

„אויב אַ פרוי האָט געפונען . מאַן מיטן הארץ, איז ער איר מאַן אויף אייביק.“

„דער מאַן איז ביין, די פרוי איז ווייכקייט און געלע-גער.“

„די פרוי באַדאַרף זיך באַוועגן אין איר שטוב, ווי אַ צאַר־טער שאָטן און איר קול דאַרף קלינגען, ווי אַ ווייטער עכאָ.״

„דער מאַן איז דער הימל פון דער פרוי.״

זי האָט אים כסדר געשעפּטשעט דידאַזיקע זיסע פּסוקים און ער האָט זיך געשמאָלצן אין זיי, אין איר קול, אין אירע ווייכע אָרעמס. און שפּעטער, אַז ער האָט זיך אויפגעהייבן און האָט זיך אויסגעריבן די אויגן, האָט ער געטראַכט, אַז דאָס לעבן איז זיס און זיין טעם איז ענלעך צו דעם טעם פון גוטן שטאַרקן וויין.

„יאָ, מען דאַרף לעבן,״—האָט ער זיך געזאָגט, — „און איך וועל לעבן!..״

מיטן יעדן טאָג האָבן זיך פאַרשטאַרקט די הכנות צו דער חתונה.

אין איינעם פון ליע־אוס צימערלעך זענען שוין געשטאַנען דרייסיק פּאָר אויסגעניייטע שיכעלעך. דאָס איז אַ באַשטימטע טראַ־דיציאָנעלע פּאָרציע שיכעלעך, וואָס געפינט זיך אין יעדן נדן פון אַ רייכער כינעזישער כלה.

עס האָבן געאַרבעט די צוקערניעס און פאַבריקן, וואָס אַר־בעטן אויס געברענטע און פאַרצוקערטע מאַנדלען, פאַרצוקערטע יאַגדעס, פּאָמעראַנצן, אימבער, עפּל און באַרנעס און פלוימען. און עס האָבן געאַרבעט יוועלירן איבער גאָלד און זילבער און ברי־ליאַנטן און עס האָבן געאַרבעט שניידער און שוסטער און קירזש־נער. יעדער איינער פון זיי האָט זיך געמיט און געשוויצט פאַר קין־פּאָ.

עס האָט זיך אונטערגערוקט דער פינפאונצוואַנציקסטער יוני—דער טאָג פון דער חתונה. מיט דריי טעג פריער איז אילו־מינירט געוואָרן דער יונגער אַלמנהס הויז, לויט דער טראַדיציע פון כינע. אַלץ האָט געלויכטן און געבלישטשעט. אַ שטאַרקע

באַוועגונג האָט פאַרכאַפּט די מענטשן, וואָס האָבן באַדאַרפט באַשיינען די חתונה.

צום ערשטן מאָל אין לעבן איז קין־פּאָ געוווען שטאַרק פאַרטאָן, פאַרטאַראַראַמט, געשמועסט מיט צענדליקער מענטשן, געהאָוועט, געשמייעט, אָנגעקויפט מתנות, געשריבן בריוו און געשוויצט איבער לאַנגע רשימות פון דעם אַלעם, וואָס מען האָט נאָך געהאַרפט דערקויפן און באַשטעלן.

די חתונה האָט באַדאַרפט זיין ביי אים אין צימער.

עס האָבן אויך געהאַוועט און שטאַרק אַרומגעשמייעט די צוויי אַגענטן, וואָס זייער אַרבעט, האָט זיך, אייגנטלעך, אָפיציעל געענדיקט און וואָס האָבן זיך אַלץ געבאָמבלט אַרום אים בלויז פון ליבע און פון נייגיר. ווען זיי וואָלטן געהאַט אַ ביסל קרומלעכע אויגן, וואָלטן זיי אויסגעזען, ווי הייסע טרייע ברידער פון קין־פּאָ.

די חתונה האָט זיך אָנגעהייבן באַלד, ווי עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט.

אין דעם מאָמענט, ווען די כלה האָט איבערגעטראָטן די שוועל פון האָטעל־צימער, האָבן זיך אויפגעהייבן צום הימל הונדערטער פייערדיקע שלאַנגען און עקדעשן און דראַקאָנעס און האַרבאַטע שדים מיט הינערישע פיס, און קליינינטשקע גרינע שטערנדלעך. עס זענען געפלויגן פייפעדיקע ראַקעטן, ווי טאַנצנדיקע רעגנבויגנס און עס איז געפאַלן אַ גאָלדענער רעגן פון פונקען.

די העפלעכע און געמיטלעכע געסט האָבן כסדר געהאַלטן אין איין בוקן מיט די קעפּ און ווייכע חתונה־שמייכלעך האָבן פאַרהאָנגען זייערע ליפּן און אויגן.

און פון אַלע זייטן זענען געפאַלן ווערטלעך:

„לאַנג לעבן זאָל דאָס פּאָרל!"
„אין תּענוג און גליק!"
„מיט דער העכסטער ברכה פון הימל!"
„אונטערן שוץ פון גי-ליאַן!"
„די מזרח-ווינטן זאָלן זיין זייערע באַגלייטער!"

און אָט אין דער מינוט, ווען עס האָבן זיך געדאַרפט אָנ-הייבן די חתונה-צערעמאָניעס, האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַ בלאָזן פון טרומייטן. באַלד דערויף איז שטיל געוואָרן. די שטילקייט איז איבערגעריסן געוואָרן און ווידער האָט מען שטאַרק פונדאַסני-געטרומייטערט אויף די גאַסן פון פּעקין. מען האָט געהערט, ווי שווערע טריט פון גרויסע מחנות מענטשן דערנעענטערן זיך צום האָטעל.

קין-פּאַ האָט אויפגעציטערט.

„וואָס איז געשען?"—האָט ער געפרעגט.

טיילמאָל איז אים איינגעפאַלן, אַז וואַנג, דערדאָזיקער אַל-טער געניטער מורד לעבט נאָך. ער איז גאָרנישט דערטרונקען געוואָרן און אָט גנבעט ער זיך הינטער אים מיט אַ מעסער... אפשר איז די גאַנצע מהומה אויף דער גאַס מיט די טרומייטן און געשרייען נישט מער ווי אַ שפּיצל פון פילאָזאָף, וואָס וויל דווקא האַלטן וואָרט אפילו היינט, אין דעם לעצטן אָוונט?

די כלה איז בלאַס געוואָרן. קיין שום זאַך אין דער וועלט סאָר איר נישט שטערן אין דעם מאָמענט פון איר חתונה. וואָס באַטייטן די טרומייטן אויף דער גאַס?

די טרומייטן און די געשרייען אויף דער גאַס האָבן זיך אַריינגעריסן אין האָטעלצימער. אומבאַהאָלפן זענען געבליבן שטיין חתן-כלה, די געסט, די סאַרוועטרס, די דינערשאַפט. מען האָט מער נישט געלאָזט קיין ראַקעטן, קיין שלאַנגען. אלע

האָבן זיך פלוצלונג פאַרלאָרן.

און אָט זענען מיטאַמאָל שטיל געוואָרן די גאַס־קולות, און אין דערדאָזיקער שטילקייט האָט פּייערלעך געקלונגען די באַסאָווע שטים פון העראָלד, וואָס האָט געריטן פאָרויס מיט אַ פאַקל אין דער האַנט:

„די מלכה, די מלכה איז געשטאָרבן!"

קין־פאָ האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, וואָס דאָס באַטייט. דאָס באַטייט, אַז מען דאַרף טרויערן נאָך דער מלכה. עס איז טרויער אין לאַנד. און אין דערדאָזיקער טרויערצייט טאָר מען נישט פראַווען קיין שמחות. אַלע הנאות דאַרפן אָפּגעמעקט ווערן פון דער כינעזישער ערד. מען טאָר זיך נישט פוצן, נישט לאַכן הויך אין די גאַסן, נישט ראַזירן די קעפּ, נישט גיין אין טעאַטער, נישט כאַפּן אַ טענצל מיט אַ פריינט. און די חתונה, זיין חתונה, וואָס זאָל איצט געפּראַוועט ווערן נאָך אַזויפיל צער און אַנגסט, מוז אָפּגעלייגט ווערן.

קין־פאָ האָט זיך געדריקט די פינגער, געבראָכן די הענט און געשעפּטשעט צו זיך, אַז קיינער זאָל נישט הערן:

„איך בין אַן אומגליקלעכער מענטש! דער אומגליקלעכסטער! עס גייט מיר נישט!"

ער האָט געוואָלט וויינען, ווי אַ קינד, און האָט זיך אָפּגעהאַלטן.

עמעצער האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט.

ער האָט דערפילט ליע־אוס צאַרטע פינגער, און, נישט אויסדרייענדיק דעם קאָפּ, האָט ער געזען אירע אויגן און די טרייע מחשבה פון איר האַרץ:

„לאָמיר וואַרטן..."—האָט זי געשעפּטשעט.—„און זאָל זיך

שטאַרקן אייער האַרץ. אין ליבע זענען נישטאָ קיין שום מניעות...״

קין־פּאָ האָט איר הייס געדאַנקט דורך דריקן אירע פינגער מיט זיינע. ביידע האָבן זיך באַרויקט.

באַלד דערויף איז די כּלה אַוועקגעפאָרן צו זיך אַהיים אין דער אַלייע שאַ־קואַ. די געסט האָבן זיך העפלעך גענויגט און גענויגט און ביסלעכווייז, מיט גרויס טאַקט, פאַרלאָזט דעם האָטעל.

קין־פּאָ איז פאַרבליבן מיט זיינע צוויי אַגענטן. ער האָט נישט געוווּסט, ווי לאַנג עס קען זיך ציען דער טרויער, וואָס דאַרף ערשט באַשטימט ווערן. גאָט ווייס, ווי לאַנג ער קען זיך ציען. אַמאָל טרעפט, אַז ער שלעפּט זיך, ווי קליי, לאַנגע שווע־רע יאָרן...

אַ קאַלטע מרה־שחורה האָט אים ווידער באַרירט דאָס האַרץ, און עס איז נישט געווען, ווער עס זאָל אים באַרויקן.

ער האָט געשפּרייזט פון וואַנט צו וואַנט און האָט גע־שאָלטן זיין בייז מזל.

די אַגענטן האָבן געגענעצט. זיי האָבן זיך געגרייט צו טומל און צו אַרבעט. איבערהויפּט זענען גוט צוגעגרייט געוואָרן זייערע אויגן, וואָס האָבן געדאַרפט קוקן פאַר איינמאָל אין אַלע זייטן און אַדורכנעמען, ווי זע־אַפּאַראַטלעך, יעדן איינציקן מענטשן מיט זיינע מחשבות און באַוועגונגען. איצט איז אַלץ מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט געוואָרן און אנשטאט פרייליכן חתונה־טומל, האט זיי געקלונגען אין די אויערן די שווערע שטילקייט פון האָטעל.

„אַ מאָדנע...״—האָט קרעג געזאָגט.

„געשיכטע!״—האָט פריי פאַרענדיקט.

עס איז אַרײַנגעקומען דער האָטעלדינער און האָט דער־לאַנגט קין־פּאָ אַ בריוו.

„נאָר וואָס באַקומען דורך אַ שליח!“—האָט ער געזאָגט.

קין־פּאָ האָט אַ קוק געטאָן אויפן קאָנווערט און האָט דערקענט דעם כתב.

דאָס איז געווען אַ בריוו פון פילאָזאָף.

דער שאַנכאַיער עושר און דער איצטיקער האָטעל־חתן האָט דערשטיקט אַ געשריי, וואָס האָט זיך אים געוואָלט אַרויס־רייסן פון האַלדז.

וואַנג האָט קורץ געשריבן:

„מיין פריינט, איך בין נישט געשטאָרבן און נישט דער־טרונקען געוואָרן, ווי דו האָסט אוודאי געמיינט, אָבער בשעת דו וועסט דערהאַלטן דאָסדאָזיקע בריוועלע, וועל איך שוין נישט זיין.

„איך שטאַרב אַוועק בלויז דערפאַר, ווייל איך האָב נישט די נייטיקע דרייסטקייט צו דערפילן מיין הבטחה, צו האַלטן וואָרט. אָבער זיי רויק—אַזוי נאַריש און גראָב שטאַרב איך נאָך נישט. אַ וואָרט, וואָס ווערט געגעבן, מוז דערפילט ווערן! אַנדערש פאַרשטיי איך עס נישט און איך מיין, אַז דו טראַכסט אויך אַזוי ווי איך. נישט אומזיסט בין איך געווען דיין מדריך און דערציער!

„ביי לאַאָ־שען, וואָס איז מיין אַלטער פריינט און פירער פון די כּוטיקע טייפּינגעס, געפינט זיך דיין צעטעלע.

„לאַאָ־שען האָט אַ שטאַרקערע דהאַנט פאַר מיינע און זיין האַרץ איז נאָך גענוג יונג. ער וועט די מיסיע, וואָס דו האָסט אַרויפגעלייגט אויף מיר, אויספירן מיט דער גרעסטער גענויקייט און פּינקטלעכקייט. ער וועט אויך באַקומען דעם קאַ־

פּיטאַל, וואָס דו האָסט באַשטימט פאַר מיר. איצט איז שוין אַלץ זיינס.

„דאָס זענען מיינע לעצטע ווערטער. ווי דו זעסט, שטאַרב איך פריער פאַר דיר, אָבער איך קען דיך פאַרזיכערן, אַז מיר וועלן זיך איינגיכן זען אין יענער געטלעכער מנוחה, וואָס האַלט פון אייביק.

וואַנג.״

# די ווייטערדיקע געשעענישן.

קין-פאָ האָט זיך תחילת פאַרלאָרן, דערנאָך איז ער אַריינגעפאַלן אין גרויס גרימצאָרן. וואַנג, דער גוטער וואַנג, וואָס האָט פון שוואַכקייט נישט געקענט האַלטן וואָרט, האָט איבערגעגעבן דאָס פאַטאַלע פּאַפּירל אין די הענט פון אַ באַרימטן גזלן, וואָס איז פשוט בכוח צו טויטן פופציק מענטשן פאַר פופציקטויזנט דאָלאַר.

אמת, וואַנג ווייס נישט, אַז די קאַליפאָרניער באַנק האָט נישט אָנגעזועצט און אַז עס איז נאָר געוועזן אַ שפּיצל פון איר זייט, אָנצעשטאָפּן אירע אייגענע קעשענעש און די קעשעניש פון אירע קליענטן. אָבער וואָס עס זאָל נישט זיין — אַזוינע פּאַפּירלעך ליפערט מען נישט איבער אין פרעמדע הענט.

מען מוז מודה זיין, אַז וואַנג האָט אין דעם פאַל געהאַנדלט משוגע, ווילד — און אויב מען וויל — אפילו נישט ערלעך.

ער האָט פשוט פאַרקויפט צו אַ גזלן דאָס לעבן פון זיין תלמיד.

קין-פאָ איז געווען בייז און אויפגערעגט. ער האָט געפּאַ־כעט מיטן בריוול אין לופטן און האָט געשריען צו די אַגענטן

„ניין, איך וועל זיי ווייזן ווי אַזוי מען שפּילט מיט מיין לעבן!”

די אַגענטן האָבן זיך באַקענט מיט וואַנגס בריוו. ביי זיי האָבן געגומען בלישטשען די אויגן, ווי ביי קעץ. אַ נייע תקופה האָט זיך אָנגעהייבן פאַר זיי.

קרעג האָט געפרעגט:

„איז אייער פּאַפּירל נישט געווען באַצייכנט מיט אַ באַ־שטימטער דאַטע?...”

„דאָס הייסט, ביז דעם 25-סטן יוני?”—האָט פריי פאַרעג־דיקט.

קין-פאָ האָט געענטפערט:

„ניין, דער פילאָזאָף האָט אַליין באַדאַרפט באַצייכענען די דאַטע אין טאָג פון מיין טויט.”

ביידע אַגענטן האָבן גלייך אויסגעשריען:

„אָ, אויב אַזוי, מוז ער עס דאָך גלייך אויספירן!”

„פאַרוואָס?”

„כדי דאָס געלט, וואָס איר האָט באַשטימט פאַר אייער קאָפּ, זאָל אים צו דער ריכטיקער צייט אַרויסגעגעבן ווערן דורך דער פּאָליציי...”

קין-פאָ האָט גענומען אויף דער גיך שפּאַנען איבערן צי־מער. זיין קאָפּ, וואָס איז איצט געשטאַנען אין גרויס סכנה, האָט שטאַרק געאַרבעט.

„מיר טאָרן קיין איין שעה גישט פאַרלירן!” — האָט ער געזאָגט.—„דאָס אומגליק, וואָס קריכט מיר נאָך פוסטריט, לאָזט אַלץ נישט אָפּ. מען מוז פאָרן! מיר מוזן אויסגעפינען דעמדאָזיקן

לאַפּאָ-שען און צונעפּען ב אים דאָס פּאַפּירל. ווי מיינט איר?"

„מיר מיינען..."—האָט קרעג געזאָגט.

„אויך אַזוי!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

אין דעם אייגענעם אָוונט איז קין-פּאָ געווען אין דער פּאָליציי און האָט זיך דאָרטן אינפאָרמירט וועגן דעם שרעקלעכן טייפּינג. ער האָט באַלד באַקומען די נייטיקע ידיעות. די פּאָליציי, וואָס האַלט וואַך איר אויג אויף די געפערלעכע טייפּינגס, האָט אים געזאָגט, אַז לאַפּאָ-שען האַלט זיך אויף דער סביבה פון פו-נינג. צוליב געוויסע טעמים לאָזט זי אים פריי, ווייל ער פאַרנעמט זיך ווייניק מיט פּאָליטיק, נאָר מיט גזילה און רציחה אויף די ברייטע טראַקטן פון כינע.

קין-פּאָ איז אַוועק מיט דידאַזיקע ידיעות צו ליע-או. ער האָט זי באַרויקט, כאָטש ער האָט איר פאַרציילט פון דעם גאַנצן ענין. עס איז אים געווען שווער זיך אָפּצערייסן פון איר צאַרטן, יונג-אַלמנישן אָרעם, פון די שטילע אינטימע צימערלעך, פון דער הייכער בשמימדיקער לופט. מיט הייסע לאַנגע קושן האָט ער פאַרענדיקט דעם וויזיט אויף דער אַלייע שאַ-קואַ און מיט פייכטע אויגן האָט ער זיך אַרויסגעריסן פון דעמדאָזיקן ליבן היימ.

אין די אויערן האָבן אים געקלונגען ליע-אוס ווערטער:

„לאָמיר אַנטלויפן פון כינע!.. לאָמיר אַוועקפאָרן! אין אַ פרעמדן לאַנד איז דיין לעבן געזיכערט. צו וואָס דאָס ליידן אומזיסט און אומנישט?"

אָבער וווהין פאָרט מען און ווי אַזוי פאָרט מען? דאָס איז פחדנות און נאַרישקייט! אַן אײדעלער כינעזער מוז האַנדלען קלוג און דרייסט, האָט ער זיך געזאָגט.

קיין פו-נינג האָט מען געקענט פאָרן סיי מיטן וואַסער און

סיי מיט דער יבשה. מיט דער יבשה איז אָבער געווען אַ ביסל געפערלעך צו פֿאָרן און, אַגב איז דער וועג געווען אַ צו לאַנ-גער. עס איז געבליבן, מען זאָל פֿאָרן מיטן וואַסער.

קין-פאָ האָט גראד אָפּגעגליקט. אַ שיף איז געגאַנגען מיט די וואַסערן פֿון פּיי-כאָ אַ שטיק וועגס קיין פו-נינג.

דעם 26-טן יוני האָט זיך קין-פֿאָ אַרויסגעזעצט מיט זיינע לייט אויף דער שיף, און עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ נייע נסיעה מיטן וואַסער. אַ נייע נסיעה—אָבער מיט די אַלטע זאָרגן, מיט די אַלטע פֿאָרזיכטסמיטלען, מיט די פֿיר שאַרפֿע אגענטישע אויגן.

סון איז געזעסן אין איין פּחד. ער האָט מורא געהאַט פֿאָרן וואַסער און האָט בכלל פֿיינט געהאַט אַ נסיעה.

„אַ פּריץ איז משוגע געוואָרן פֿון וווילטאָג!"—האָט ער איצט ווידעראַמאָל געשעפּטשעט דאָס זייניקע.

די שיף האָט רויק געשניטן די וואַסערן פֿון פּיי-כאָ. הונ-דערטער שיפֿן זענען מיטגעגאַנגען און הונדערטער זענען פֿאַרביי-געגאַנגען. און צוזאַמען מיט די קלאַנגען פֿון וואַסער האָבן זיך געגאָסן די קלאַנגען פֿון מענטשן, פֿון לעבן.

עפּטער זענען אויפֿן ברעג געלעגן קליינע שטעטלעך און ישובים. און פֿון דער שיף האָט מען געקענט זען, ווי פֿלייסיק דער כינעזער אַרבעט אין פֿעלד, אין שטעטל און אפילו אין שטוב. קין-פאָ האָט געקוקט אויף זיי, אַ פֿאַרזאָרגטער, די אַגענטן האָבן געזוכט אין די שטעטלעך דעם באַרימטן גזלן.

צומאָרגנס איז די שיף געקומען אינם פּאָרט טאַקן. ווייטער איז די שיף נישט געגאַנגען. די פּאַסאַזשירן האָבן זיך געמוזט אַרויסזעצן אויפֿן ברעג.

טאַקן איז אַ גאַנץ לעבעדיק שטעטל, אָבער קין-פֿאָ מיט זיינע לייט האָט דאָרט נישט געהאַט, וואָס צו טאָן.

מען האָט געדאַרפט פאָרן ווייטער און מען האָט זיך אַרויפ־געזעצט אויף אַן אַנדער שיף, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „סאַם־יעפ."

דאָס איז געווען אַ גרויסע אַמעריקאַנישע שיף, וואָס האָט געהאַט אַ באַשטימטן פראַכט: זי האָט אַריבערגעפעקלט קיין כינע די טויטע כינעזער פון אַמעריקע. אַזוי ווי דער דאָזיקער פראַכט איז נישט געווען קיין אַנגענעמער, האָט מען אומישנע צוגעפוצט די שיף און אַזויאַרום פאַרמאַסקירט די טרויעריקע פונקציעס פון „סאַמי־עפ". מען האָט זיך באַמיט, אַז די פּאַסאַזשירן זאָלן גאָר נישט באַמערקן.

קין־פאָ מיט זיינע לייט האָבן זיך געפילט גאַנץ גוט אויף דער נייער אומבאַקאַנטער שיף. מען האָט דאָ געגעבן גוט צו עסן און צו טרינקען און דער שיפדעק האָט פריילעך געגלאַנצט מיט זיין לאַק.

דער חתן, וואָס זיין חתונה איז פלוצלונג פאַרשטערט געוואָרן, האָט אפילו געפרווט זינגען אונטער דער נאָז. עס איז געווען געררוים, ליכטיק און היימלעך אויפן שיף און אויפן וואַסער.

קין־פאָ האָט דאָך פון צייט צו צייט געטראַכט פון לאַאָ־שען און יעדעס מאָל איז ער רויק געקומען צום באַשלוס, אַז מיט דעם דאָזיקן באַרימטן גזלן וועט ער זיך נישט אַריינלאָזן אין לאַנגע געשעפטן און אונטערהאַנדלונגען. פאַר אים איז געווען קלאָר, אַז ביי לאַאָ־שען איז דער גאַנצער ענין נישט מער ווי אַן ענין פון געלט, און דעריבער וועט ער מיט אים תיכף דורכקומען: ער וועט אים געבן געלט און יענער וועט אים געבן דאָס פּאַפּירל. די גאַנצע זאַך האָט אים אויסגעזען, ווי אַ געוויינלעך געשעפט, וואָס איז פאַרבונדן מיט שווינדל און דעריבער דאַרף

מען עס פאַרענדיקן קורץ און שנעל.

די שיף איז געגאַנגען אַראָפּ מיטן וואַסער. עס האָבן זיך באַוויזן וויסטע ברעגן, טויטע שטיקער ערד מיט גרויען צעלע־כערטן זאַמד.

אויפן טייך איז אָבער לעבעדיק. קליינע פישערשיפלעך האָבן זיך מאָדנע געשמיידיק באַוועגט אין אַלע זייטן. מען האָט געשריען פון איין שיפל צו אַ צווייטן, מען האָט געשלעפּט שטריק, נעצן, געפלאָכטענע פאַנג־קערב.

די אַגענטן האָבן אָבער באַמערקט, אַז יעדעס שיפל, ווי קליין עס זאָל נישט זיין, איז דאָך באַוואָפנט מיט אַ פּאָר קליינע האַרמאַטלעך...

זיי האָבן געפרעגט דעריבער דעם קאַפּיטאַן, און יענער האָט געענטפערט:

„מען האָט מורא פאַר פּיראַטן.“

„וואָס הייסט?“

„אַ פּשוטע זאַך: מיט אַ פּיראַט רעדט מען נישט. אויף אַ פּיראַט שיסט מען!..“

ביידע אַגענטן האָבן, ווי איין מענטש, געפרעגט:

„און וואָס האָט איר פאַר אַ מיטלען קעגן די פּיראַטן?“

דער קאַפּיטאַן האָט געשמייכלט.

„געווער!“—האָט ער געזאָגט.—אָבער...

„וואָס הייסט אָ ב ע ר?“

„איך האָב נישט קיין פּולווער...“

ביידע אַגענטן האָבן גענומען גלאָצן מיט שטאַרק פאַר־חידושטע אויגן און מיט אויפגעהייבענע אַקסלען.

„ווי פאָרט מען אָן פּולווער צווישן פּיראַטן?“—האָבן זיי געפרעגט.

דער קאַפּיטאַן האָט געלאַכט.

„איך זע, אַז איר שרעקט זיך מיר עפּעס צופיל?"

„אפשר דאַרפן מיר זיך שרעקן?"

„איר דאַרפט זיך שרעקן?"—האָט דער קאַפּיטאַן געפרעגט.—

„אויב אַזוי, וועל איך אייך באַרויקן."

און ביי דידאַזיקע ווערטער האָט ער אַ ווייז געטאָן מיטן פינגער אויף דער ווייסער פאָן.

ער האָט געזאָגט:

„אַ ווייסע פאָן, איבערגעבונדן אינמיטן, איז אַ צייכן פון טרויער. פיראַטן באַפאַלן נישט די שיפן, וואָס גייען אונטער אַזאַ מין פאָן... און טאָמער וועלן זיי דאָך קומען צו אונדז, וועט עס זיין אַן אומזיסטע פיראַטישע טרחה: זיי וועלן אַוועק מיט אַראָפּ-געלאָזטע קעפּ און ליידיקע הענט... איך שרעק מיך נישט פאַר זיי."

די אַגענטן האָבן זיך באַרויקט. קין-פאָ, וואָס האָט זיך מיט איין אויער צוגעהערט צום שמועס, האָט שטיל געשמייכלט: ער האָט זיך נישט געשראָקן פאַר פיראַטן. ער איז אויך געווען רויק.

די שיף איז ווייטער געגאַנגען. די ברעגן האָבן זיך שטאַרק פאַנאַנדערגערוקט: דער טייך איז דאָ אַריינגעפאַלן אין ים אַריין. עס איז שוין געווען נישט ווייט פון פו-נינג, אָבער מען האָט נאָך באַדאַרפט אַדורכמאַכן אַ שווער שטיקל וועג מיטן ים.

דער ים איז געווען אומרויק, אַ שוואַרצע כמאַרע האָט פאַרדעקט דעם הימל, אַ שטאַרקער ווינט האָט געטריבן די כוואַ-ליעס.

די נאַכט איז צוגעפאַלן. קין-פאָ איז געשטאַנען ביים באָרט און האָט געזען, ווי עס וואַקסט דאָס געוויטער. די שיף בויגט

זיך אויף רעכטס און אויף לינקס, זי קרעכצט מיט אַלע אירע נעט. די כוואַליעס ווילן זי צערייסן.

קין-פאַ האָט זיך נישט געשראָקן, אָבער ער האָט געמאַכט אַ חשבון, און לויטן חשבון איז אויסגעקומען, אַז ער געהערט שוין מער נישט צו די גליקלעכע, נאָר צו די סאַמע אומגליקלעכע מענטשן אויף דער וועלט. וואַנג האָט געזאָגט, אַז ווען ער, קין-פאַ, וועט ווערן אומגליקלעך, וועט ער ערשט זיין גליקלעך... ווו איז אָבער דאָס גליק?

עס גייט אים נישט, דעם שאַנכאַיער עושר. אַלץ, וואָס ער הייבט אָן, ענדיקט זיך שלעכט און אַמערגסטן האָט זיך אויסגעלאָזט מיטן פּאַפּירל, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן דעם פילאָזאָף. גיי זוך איצט דעם גזלן לאַאָ-שען און פיר מיט אים אונטערהאַנדלונגען—וועגן וואָס? וועגן דעם אייגענעם קאָפּ...

דאָס געוויטער האָט זיך פארשטאַרקט. די שיף האָט זיך שווער געראַנגלט מיט די כוואַליעס און ווינט. עפּטער איז אומגעפאַלן אַ בענקל, אַ טישל, אַ חפץ פון דער וואַנט.

דער קאַפּיטאַן האָט געזאָגט:

„דאָס איז אַ פארשאָלטן ווינקל. אַז עס גליקט אָפּ, איז גוט, און אַז עס גליקט נישט אָפּ...“

די אַגענטן האָבן זיך צוגעהערט צו דעם קאַפּיטאַנס ווערטער.

„פריי,“—האָט קרעג געזאָגט,—„אונדזער חברה-מאַן קען דאָ דערטרונקען ווערן און די „Centenaire“ וועט צוליגן צו זיין קאָפּ צווייהונדערט דאָלאַר. מען מוז אים אָפּהיטן פאַרן ים אויך, צו אַלדי שוואַרציאָרן!“

„אַ פיין שטיקל אַרבעט!“—האָט פריי געלאַכט מיט ווייסע בלישטשעדיקע ציין אין געוויטער אַריין.—אַז היטן, איז היטן!..“

אוןביידע האָבן זיך געדריקט די הענט.

דאָס געוויטער האָט אָנגעהאַלטן די גאַנצע נאַכט. דער ים האָט זיך געוואָרפן ווי אין אַ קדחת. עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען די שיף איז אַרונטערגעפאַלן אונטער די כוואַליעס. עס האָבן זיך דערהערט גוואַלדן פון מענטשן. דער קאַפּיטאַן איז אַרומגע־לאָפן, ווי משוגע.

דער שטורעם האָט אָבער נאָכגעלאָזט. דער טאָג האָט זיך אויסגעשפּרייט אויפן הימל, דער ים האָט זיך איינגעשטילט. די שיף האָט זיך אָפּגעטרייסלט און צום לעצטן מאָל אָפּגעקרעכצט. אַראָפּשפּריצנדיק פון זיך גרויסע געזאַלצענע טראָפּנס וואַסער פונם הויכן שטריקגעפלעכט.

# אין אונטערדעק.

קאַפּיטאַן, ווו זענען מיר אין דער וועלט?" — האָט קין־פּאָ אַ פרעג געטאָן דעם אָנפירער פון דער שיף, ווען דער ים האָט זיך באַרויקט.

דער קאַפּיטאַן, אַ מענטשל מיט אַ רויט פריילעך פנימל און מיט בלישטשעדיקע אייגלעך, האָט געענטפערט:

„ווען איך וועל זאָגן, אַז איך ווייס נישט, וועט עס זיין דער בעסטער און דער ריכטיקסטער ענטפער..."

„אין פּעטשעלייאישן ים־אויסגוס?"

„מעגלעך."

„אפשר אין די וואַסערן פון ליעאָ־טאָן?"

„אויך מעגלעך..."

„אפשר ביי גי־דון?"

„ווידעראַמאָל מעגלעך..."

„און ווו וועלן מיר פאַראַנקערן?"

„עס ווענדט זיך אָן ווינט. ווו ער וועט וועלן, דאָרט וועלן מיר פאַראַנקערן."

קין-פאָ האָט שטרענג באַמערקט:

„אַן אמתער כינעזער קען זיך שטענדיק אָריענטירן, הער קאַפּיטאַן! איר רעגט מיך אויף מיט אייער נישט כינעזישן ענט-פער.

קין-פאָ איז געווען בייז, דער קאַפּיטאַן האָט געלאַכט:

„מען קען זיך זיין אַן עכטער כינעזער און אַ גאַנצער קנאַ-קער אויף דער יבשה, אָבער נישט אויפן ים."

„צו וואָס לאַכט איר?"—האָט קין-פאָ פּלוצלונג געפרעגט.

דעם קאַפּיטאַנס ליפּן האָבן זיך אויסגעצויגן פון אויער ביז אויער, די קליינע אייגלעך האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט פריילעכע פייערלעך. דער קאַפּיטאַן האָט געזאָגט:

„איך פאַרשטיי נישט—איר ווילט, איך זאָל וויינען?"

דער קאַפּיטאַן האָט באמת נישט געוווּסט, ווו ער געפינט זיך. ער האָט קיין קאָמפּאַס נישט געהאַט און האָט בכלל נישט געהאַט די אַלע נייטיקע מכשירים, מיט וועלכע מען מעסט אויס אַ שטח, דעם גאַנג פון ווינט, די הויך פון אַ כוואַליע. דאָס איז סתם געווען אַ זאָרגלאָז מענטשל, וואָס האָט מיט גרויס הנאה גע-פירט כויטע כינעזער פון אַמעריקע קיין כינע און וואָס האָט גע-קוקט אויפן ים, ווי אויף אַ בלאָטע, וועלכע מען דאַרף ווי עס איז אַריבערשפּרינגען מיט גאַנצע שיך. פאַרנעמען זיך מיט אַפּאַ-ראַטן, מיט קאָמפּאַסן, מיט באַראָמעטערס, איז נישטאָ וואָס. דער-פאַר, וואָס מען וועט זיי האַלטן אויף דער שיף און מען וועט זיך טענטלען מיט זיי, וועט דער שטורעם נישט נאָכלאָזן.

ער האָט ווידעראַמאָל געלאַכט און איז אַוועק אויף זיין אָרט.

און קין-פאָ האָט משער געווען, אַז דער שטורעם האָט פאַרטריבן די שיף אין אָפענעם ים און איצט קען זיך די שיף

נישט דערשלאָגן צום ברעג. דער ים ליגט אַ טויטער. אין דער לופט איז קיין שום באַוועגונג נישטאָ.

די שיף שטייט מער, ווי זי גייט.

זי איז ענלעך צו אַ מענטשן, וואָס קען נישט אָטעמען. ווייל ער האָט קראַנקע לונגען.

קין-פאָ האָט זיך דאָך נישט געקענט באַרויקן. ער האָט געוואָלט חתונה האָבן. עס האָט אים געצויגן צו ליע-או, צו די קליינע אינטימע חדרימלעך, ווו עס שמעקט מיט יונגער שיינער אלמנה, ווו עס איז געווען אַזוי מחיהדיק שטיל און רויק און זויבער און מען האָט געקענט אײַנקלייגן דעם קאָפּ אין ווייכע יונג-אלמנישע אָרעמס.

אַן אויפגערעגטער, איז ער צוגעגאַנגען צום קאַפּיטאַן און האָט ווידער געפרעגט:

„ווי לאַנג וועט עס אַזוי שטיין די שיף נישט אַהין און נישט אַהער?"

דער קאַפּיטאַן האָט געזאָגט:

„ווער קען עס וויסן? דאָס זענען הימלזאַכן און ווינט-זאַכן..."

„אָבער פאָרט?"

דער קאַפּיטאַן האָט שוין ווידער געלאַכט.

„ס'איז רעכט טעג און ס'איז רעכט וואָכן!" — האָט ער געזאָגט.

קין-פאָ האָט דאָס בלויז אַ זעץ געטאָן אין פנים אַריין.

„צי מיינט איר,"—האָט ער שוין געשריען, — אַז איך וועל מיך דאָ וואָכנלאַנג פלאָנטערן מיט אייך אויפן וואַסער?"

„אַז דער הימל וועט וועלן, וועט איר מוזן!"—האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט.

„ביין, די שיף וועט מוזן גיין!״—האָט קין-פּאָ געשריען מיט שוים אויף די ליפּן.

דער קאַפּיטאַן האָט געזאָגט:

„איך זע, אַז איר זענט אַן אויפגערעגטער מענטש. איר שרייט, איר קאָכט זיך. ווי באַלד אַזוי, האָב איך פאַר אייך צוויי גוטע עצות.״

„דהיינו?״

„גייט און לייגט אייך שלאָפן, מיין הער. אַז מען שלאָפט, פאַרגעסט מען אין אַלע צרות און שלעק. נו, און די צווייטע עצה איז נאָך אַ בעסערע: מען דאַרף זיך סטאַרען צו באַקומען די אייגנשאַפטן פון מיין פראַכט, וואָס ליגט אין אונדערדעק... איר פאַרשטייט, מיין הער?..״

קין-פּאָ האָט אים געוואָלט מכבד זיין מיט אַ פּאַטש און באַלד נאָכדעם אָנכאַפּן אים ביים גאָרגל, ווי עס שלאָגן זיך די גאַסניונגען אין קאַנטאָן. ער האָט זיך אָבער באַלד באַהערשט און האָט אַ שפּיי געטאָן. מיט דעמדאָזיקן שפּיי האָט ער זיך אַוועק-געלאָזט צו זיך אין קאַיוטע.

אין קאַיוטע איז אים געווען ענג און שווער. ער האָט זיך קיין אָרט נישט געפונען. ער איז אַרויס אויפן שיפדעק און האָט גענומען שפּרייזן אויף און אָפּ, פאַרלייגנדיק די הענט אויפן האַרצן. ער האָט אַזוי געשפּרייזט אַ שעה און צוויי און האָט זיך אַלץ געזאָגט, אַז מען דאַרף זיך באַרויקן. מיט כעס און געשריי האָט זיך נאָך קיינער נישט געהאָלפן.

די צוויי אַגענטן זענען געשטאַנען ביי דער טיר פון אונ-טערדעק, אָנגעשפּאַרט אָן אַ פּאָרענטשל און געשמועסט צווישן זיך זייערע קורצווערטערדיקע אַגענטישע שמועסלעך. זיי זענען געווען רויק, ווי מענטשן, וואָס זיצן ביי זיך אינדערהיים.

קוקנדיק אויף זיי, האָט זיך דער שטרכאיער עושר איינגעגלאָסן בארויקט. ער האָט זיי אַ צייט לאַנג נאָכגעקוקט און האָט זיך גע-נערט מיט זייער געמיטצושטאַנד.

אָפגעשמועסט, האָבן די אַגענטן זיך אוועקגעזעצט עסן. ביי-דע האָבן זיך אָנגעשניטן גלייכע חלקים ברויט אוןביידע האָבן געגעסן פון איין טעלער. דאָס עסן האָבן זיי פאַרטרונקען מיט גלייכע פּאָרציעס וויין, און בשעת זיי האָבן זיך אָנגעקלאַפּט מיט די גלעזלעך, האָבן זיי נישט פאַרגעסן צו טרינקען פאַר הער בי-דולפס געזונט.

זיי האָבן לאַנג, לאַנג געזויגן דעם וויין שטאָ-שין פון די הויכע, שמאָלע גלעזלעך.

נאָכדעם האָבן זיי זיך אויפגעהייבן און האָבן ארומגעשפּאַ-צירט איבערן שיפדעק. עטלעכע מאָל האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער אָפענער טיר פון אונטערדעק. דער קאַפּיטאַן האָט או-מישנע געלאָזט עפענען די טיר, אריינצולאָזן פרישע לופט און ליכט אהין. פאַר זיין פראַכט האָט ער זיך, קענטיק, שטאַרק גע-זאָרגט.

די זון האָט אריינגעשיינט איך שיפקעלער און צווישן די פאַסן שטראַלן האָט מען געקענט זען לאַנגע קאָנטורן פון קאַסטנס און שמאָלע דורכגעלייגטע ווענלעך.

קרעג האָט אַ קוק געטאָן אויף פרייען און ער׳י האָט ארומ-געלייגט זיינע אויגן אויף קרעגן

„מיר גייען...״—האָט קרעג נעפרעגט.

„אריין !״—האָט פריי פאַרענדיקט.

און מיט דידאָזיקע ווערטער האָבן יך ביידע אראָפּגעלאָזט אין אונטערדעק, דאָס איז געווען אַ גרויסער ברייטער קעלער, אויסגעשטעלט און פאַרלייגט מיט גלייכע שורות טרומנעס. ביידע

אַגענטן האָבן זיי באַלד צוגעציילט מיטן אויג: עס זענען געווען פינפאונזיבעציק טרומנעס און לויט די אָנגעקלעפּטע גרינע צעט-לעך, זענען זיי אַלע געגאַנגען קיין פּו-נינג.

עס זענען געווען פאַרשידענע טרומנעס: רייכע און אָרע-מע, גרויסע און קליינע, ברייטע און שמאָלע. מאַנכע זענען גע-ווען באַפּוצט מיט קופּער, מאַנכע מיט בלעך, מיט אייזן און מאַנ-כע אפילו מיט זילבער. די אָרעמע טרומנעס זענען באַשטאַנען פון פּראָסטע ווייסע ברעטלעך, צוגויפגעקלאַפּט אַבי-ווי מיט גרוי-סע טשוועקעס. דאָ זענען געלעגן קבצנים, וואָס האָבן נישט גע-זוכט קיין שיינע טרומנעס און וואָס האָבן אוועקגעגעבן דעם לעצטן פאַרהאָרעוועטן גראָשן, אַבי מען זאָל זיי באַגראָבן אויף דער היי-מישער ערד.

אויף יעדער טרומנע איז מיט גרויסע אותיות געווען אָנ-געשריבן דער נאָמען פונם מת.

פינפאונזיבעציק מתים זענען געפאָרן אַהיים פון אַמעריקע. פינפאונזיבעציק מתים האָבן געוואָלט ליגן אויף דער היימישער ערד.

ביידע אַגענטן האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ.

„ער פירט...‟—האָט קרעג געזאָגט.

„מיט אָרדענונג!‟—האָט פריי פאַרענדיקט.

זיי האָבן שטיל געשמועסט. קרעג האָט, ווי זיין שטייגער, אָנגעהייבן און פריי האָט פאַרענדיקט און זענען בעת-מעשה פּאַ-וואָליע געגאַנגען מיט אַ שמאָל שטעגעלע, וואָס האָט געפירט צו דער נאָז פון אונטערדעק. דאָסדאָזיקע שטעגעלע איז געווען ענ-לעך צו אַ קלייניטשקער אַלייע אויף אַ קלייניטשקן בית-עולם.

זיי זענען געבליבן שטיין און האָבן זיך צוגעקוקט און צו-געהערט. אַ לייכטער שאָרך איז דערגאַנגען צו זייער אויער.

„מסתּמא...״—האָט קרעג געזאָגט.
„אַ שטשור!״—האָט פריי פאַרענדיקט.
„שטשורעס האָבן דאָ...״—האָט קרעג געזאָגט.
„וואָס צו עסן!״—האָט פריי פאַרענדיקט.
זיי האָבן זיך צוגעהערט.

דער שאָרך איז געגאַנגען פון אַ טרומנע, וואָס איז גע־לעגן אין דער אויבערשטער שורה. עס האָט אויסגעוויזן, ווי עמעץ וואָלט דאָרט כּסדר געקראַצט מיטן נאָגל איבערן טרומנע־ווענטל...

ביידע אַגענטן האָט אַ זעץ געטאָן איין מחשבה אין קאָפּ:

„צי ליגט דאָ נישט אַמאָל עמעץ, וואָס לעבט נאָך אָדער וואָס איז אַריינגעפאַלן אין אַ לעטאַרגישן שלאָף?״

אויף די שפּיץ פינגער זענען זיי צוגעגאַנגען צו דער טרומנע און האָבן צוגעלייגט דאָס אויער צום ווענטל: עמעץ האָט זיך באַוועגט אין דער טרומנע...

קרעג האָט געשעפּטשעט:

„אַ שד! אַ רוח!״

און פריי האָט געשעפּטשעט:

„אַ שד! אַ רוח!״

און נאָך איידער זיי האָבן געוואָלט מאַכן פּיס, האָט זיך פּאַוואָליע געעפנט אויפהייבן דאָס טרומנעדעקל.

אָבער אַנשטאַט צו מאַכן פּליטה, זענען זיי געבליבן שטיין פעסט אויף די ערטער: אין זיי האָט זיך צעשפּילט דער נייגיר פון אַן אַגענט, אַן אויסשפּירער און אַן אויסשמעקער.

און פּלוצלונג האָט עמעץ געפרעגט פון אונטער דעם אויפגעהייבענעם טרומנעדעקל:

„פּאַ-קיען, דאָס ביזטו?"

אין דער אייגענער רגע האָט זיך אויפגעהייבן דאָס דעקל פון אַ קענגנאיבערדיקער טרומנע און אַ צווייטער האָט געזאָגט:

„קוּאָ, דו פרעגסט עפּעס?"

„יאָ,"—האָט דער ערשטער זיך אָנגערופן.—„מיר האָבן נאָך לאַנג צו ליגן?"

„ביז די לבנה וועט אויפגיין..."

„און אונדזערע חברים?"

„מען האָט זיי שוין אָנגעזאָגט..."

„אָבער זעקסאונדרייסיק שעה ליגן אין קבר, נישט געדאַכט זאָל עס ווערן!

„לאַאָ-שען האָט אַזוי געוואָלט!.."

„שווייג, רעד נישט!.."

דערהערט דעמדאָזיקן נאָמען, האָבןביידע אַגענטן אַ ציטער געטאָן אויף זייערע פּיס. זיי האָבן נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן. דאָס בלוט האָט געברענט אין זיי, ווי ביי יאגדהינט בשעת זיי דערשפּירן פון ווייטן א האָז.

די טרומנעדעקלעך האָבן זיך תּיכּף ומיד צוריק אַראָפּגעלאָזט און אין אונטערדעק איז געוואָרן טויטשטיל.

די אגענטן האָבן אַ ווײַלע אָפּגעוואַרט און נאָכדעם אויף די שפּיץ פינגער זיך אַרויסגעטראָגן פון דעמדאָזיקן אויסטערלישן בית-עולם.

אַרויף אויפן שיפדעק, זענען ביידע אַוועק אין אַ ווינקל און האָבן גענומען שעפּטשען צו אייגאַנדער:

„טויטע רעדן..."

„מתים האָבן באַקומען לשון..."

ביידע האָבן געשמייכלט און צוגעוווּנקען איינאַנדער. דער נאָמען לאַאָ-שענ האָט זיי אויפגעדעקט די קאַרטן.

עס איז געווען קלאָר: לאַאָ-שענס לייט האָבן אַריינגע-דרונגען אין אונטערדעק. דער געפּערלעכער באַנדיט זיצט, קענ-טיק, נישט מיט פאַרלייגטע הענט. עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז דער קאַפּיטאַן פון דער שיף האָט דאָ אויך אַ יד. מעגלעך, אַז דאָס איז שוין פון פריער אַן אָפּגערעדטע זאַך. לאַאָ-שענס חברה-לייט האָבן, מיט דעם קאַפּיטאַנס הסכמה, ערגעץ אין אַ באַשטימטן שטילן האַפנדל אַרויסגעשליידערט די מתים אין טייך אַריין און האָבן זיך אַליין אַריינגעלייגט אין די טרומנעס, פון וועלכע עס איז אַזוי גוט צו מאַכן אַן אָנפאַל...

די שיף האָט זיך דאָך אַ פּאָר מאָל אָפּגעשטעלט אין אַזעלכע פאַרדעכטיקע האַפנדלעך...

אָבער ווי עס זאָל נישט זיין און וואָס מען זאָל נישט קלערן און טראַכטן און אַרומטראַכטן—איין זאַך איז קלאָר: לאַאָ-שענס נאָמען איז דערמאָנט געוואָרן, און קוים איז דערדאָזיקער נאָמען דערמאָנט געוואָרן, איז די געפאַר אומגעהייער גרויס און מען מוז זיך ראַטעווען.

אָבער ווי ראַטעוועט מען זיך?

נאָך אַ קליינעם ישוב-הדעת האָבן די געשיקטע אַגענטן באַשלאָסן, אַז מען מוז מאַכן פּליטה פון דער שיף. דאָס איז דער איינציקער אויסוועג. ווי אַזוי אָבער מאַכט מען פּליטה און ווי אַזוי ווערט מען נעלם מיט דעם איינציקן לאָדקעלע פון דער שיף?

דאָס איז אָבער נישט געווען קיין לאָדקעלע, נאָר אַ גאַנצע ביידאַרקע, וואָס אַז מען זאָל זי וועלן אויפהייבן איבערן באָרט און אַראָפּלאָזן אין ים אַריין, האָט מען געדאַרפט אָנקומען

נאָך הילף צו דער גאַנצער מאַנשאַפט פון דער שיף.

מיטן אַנטלויפן, ווידער, האָט מען נישט געטאָרט צעגערן. די אַגענטן האָבן דאָך געהערט: ב י ז ד י ל ב נ ה װ ע ט א ו י פ-ג י י ן... ביז די לבנה וועט אויפגיין מוז אויסגעפירט ווערן דער ויברח. די אַגענטן האָבן געקנייטשט מיט די שטערנס און האָבן געקוקט אייננאַנדער אין די אויגן אַריין.

עס איז געווען זיבן אַ זייגער אין אָוונט. דער קאַפּיטאַן איז געזעסן אין זיין קאַיוטע און האָט מסתמא אָפּגעוואַרט די באַשטימטע שעה. נישט אומזיסט האָט ער אַזאַ משונה אויסזען און לאַכט אַזוי ווילד, און אַז מען רעדט מיט אים, ענטפערט ער נישט צו דער זאַך, ווי אַ מענטש, וואָס איז שטאַרק אַריינגעטאָן אין זיינע פאַרבאָרגענע געפערלעכע פּלענער...

קרעג האָט געזאָגט:

„מען טאָר..."

און פריי האָט באַלד פאַרענדיקט:

„קיין איין מינוט נישט וואַרטן!"

ביידע אַגענטן זענען אַריין צו קין-פאָ אין קאַיוטע.

קין-פאָ האָט גראַדע רויק געשלאָפן.

די אַגענטן האָבן אים אויפגעוועקט.

דער שאַנכאַיער עושר האָט אויפגעריסן די אויגן און געפרעגט:

„וואָס איז געשען?"

די אַגענטן האָבן אים באַלד אויפן אָרט פאַרציילט פון אַלץ, וואָס זיי האָבן געזען און געהערט אין אונטערדעק.

„דאָרט איז געפאַלן דער שרעקלעכער נאָמען לאַאָ-שען!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

קין-פאָ איז אויפגעשפּרונגען פון זיין געלעגער, און האָט

געמען קורץ שפרייזן איבער זיין קאַיוטע. מען קען נישט זאָגן, אַז ער האָט זיך איבערגעשראָקן, אָבער ער האָט זיך זייער אויפ־געבערגט. ער האָט אויך פאַרקנייטשט דעם שטערן, ווי די אַגענטן און האָט זיך שטאַרק אַריינגעטאָן אין זיינע מחשבות.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער קאַטעגאָריש געזאָגט:

„אַרייננוואַרפן אין ים אַריין די דאָזיקע כלבים, וואָס האָבן זיך באַגראָבן אין די טרומנעס!..״

דאָס איז אָבער געווען לייכט צו זאָגן, אָבער נישט אויס־צופירן, אויב מען זאָל נעמען אין אַכט, אַז דער קאַפּיטאַן מיט די פּאַסאַזשירן (און פאַרוואָס טאַקע נישט די פּאַסאַזשירן אויך?) שטייען אין פאַרבינדונג מיט דעם באַרימטן רוצח. און די אַגענטן האָבן אויף קין־פּאָס ווערטער בלויז געשאָקלט מיט די קעפּ און געצויגן מיט די אַקסלען.

„אָבער וואָס טוען מיר פאָרט?״—האָט ער געפרעגט, אַן אויפגערעגטער.

די אַגענטן האָבן געשוויגן, אָבער נישט לאַנג. זיי האָבן אָנגעוויזן אויף נאָך אַ מיטל. אויפן שיף איז געשטאַנען אַ קאַסטן מיט שווים־מלבושים, וואָס דער באַרימטער קאַפּיטאַן באַטיסטאָן האָט זיי אויסגעפונען.

„מען דאַרף אָנטאָן דידאָזיקע מלבושים״,—האָבן זיי געזאָגט.—„דאָס איז אַ מיטל, וואָס לאָזט זיך רעאַליזירן!״

קין־פּאָ האָט זיך נישט געשפּאַרט מיט זיי. ער האָט נאָר געזאָגט:

„ברענגט מיר אַריין סונען.״

מען האָט אַריינגעבראַכט דעם לייבדינער, אומשטיינסגע־

זאָגט. ער איז געווען אַזוי איבערגעשראָקן און צעמישט, אַז ער האָט גאָרנישט פאַרשטאַנען, וואָס מען רעדט צו אים. מען האָט אַרויפגעצויגן אויף אים דידאָזיקע מלבושים און ער האָט בעת מעשה געגלאָצט מיט גלעזערנע אויגן און שטיל צוגעקוויטשעט, ווי אַ געשלאָגענער הונט:

„אַי-אַי-אַי !..“

אַלט אַ זייגער אין אָוונט איז שוין אַלץ געווען פאַרטיק און צוגעגרייט. דער קליינער עולם פון פיר פאַרשוין איז געווען ענלעך צו צפונדיקע פּאָקן, וואָס זענען זיך מכין אַרונטער־צוטונקען אין וואַסער. באַזונדערס קאָמיש האָט אויסגעזען סון, וואָס האָט זיך באַוועגט ווי אַ קלאָץ און האָט אַלץ געקוקט אַרום זיך מיט גלעזערנע שטייענדיקע אויגן.

די נאַכט איז דערווייל צוגעפאַלן. אַ ליאַדע מינוט האָט געקענט אויפגיין די לבנה. די אַגענטן זענען געווען אומגעדולדיק און האָבן זיך שטאַרק געאיילט.

אויפן שיף איז געווען שטיל. אַלץ האָט אַזוי ווי געדרעמלט אונטער די שטילע שאָטנס פון דער צוגעפאַלענער נאַכט.

קרעג האָט אויסגעפונען אַ לייכטן ווינקל-וועג פון באָרט אין ים אַריין. אַרויסגעשלעפט פון קאַסטן עטלעכע שווימאַפּאַראַטלעך, האָט ער מיט פרייען אַ כאַפּ געטאָן סונען אונטערן אָרעם און פאַוואָליע אַריינגעשטויסן אים אין וואַסער אַריין. נאָכדעם איז געגאַנגען קין-פאָ, נאָכדעם די אַגענטן. דאָס אַלץ איז אַדורכגעפירט געוואָרן אַזוי שטיל און געשיקט און פאָרזיכטיק, אַז קיינעם אויף דער שיף „סאַם-יעפּ“ האָט גאָרנישט גע-

קענט איינפאַלן, אַז פיר פּאַסאַזשירן האָבן נאָר וואָס פאַרלאָזט דעם שיפדעק.

מען מוז מודה זיין: די אַמעריקאַנער אַגענטן האָבן געקענט אָפּאַרבעטן אַ פיין שטיקל אַרבעט. דאָס זענען געווען מענטשן אַנטשלאָסענע, פעסטע, געזונטע און געשיקטע, ווי קעץ.

## אין די שווים-מלבושים.

די שווים-מלבושים פון קאפיטאן באיטאן זענען באשטאנען פון הויזן, א קורטקע און א קאפושאן, געמאכט פון קיטשוק. דידאזיקע מלבושים זענען געווען טאפעלע און אנגעפילט מיט לופט. די לופט האט געהאט א צווייענדיקע פעולה: ערשטנס, האט זי געהאלטן דעם מענטשן אויפן וואסער און, צווייטנס, האט זי אים אפגעהיט פון א פארקילונג.

אין אזוינע שווים-מלבושים האט מען לאנג געקענט ליגן אין וואסער אן שום שאדן פארן געזונט. מען האט אויך געקענט אריינבלאזן פרישע לופט אין די מלבושים דורך ספעציעלע רערלעך, וואס זענען געווען צוגעפעסטיקט צו דער קורטקע. חוצדעם, האט יעדער איינער באקומען א לייכט רודערל, וואס האט אים שטארק פארגרינגערט דאס שווימען.

קאפיטאן באיטאן האט געמאכט א סך פראבעס מיט זיינע מלבושים, איידער ער האט זיי געלאזט אין גאנג. די פראבעס זענען אלע געלונגען. מיט דידאזיקע מלבושים האט מען געקענט זיין זיכער אין וואסער.

אַלע פיר האָבן איצט געשווומען און אַזויאַרום געוואָלט זיך ראַטעווען דאָס לעבן. לאַאָ-שען איז געווען אַ צו געפּער־לעכער מענטש, אַז מען זאָל זיך באַציען גלייכגילטיק צו אים.
סונען האָט מען געמוזט עפּעס אונטערשטופּן פון הינטן. ער איז געלעגן אויפן וואַסער, ווי אַ ברעט און האָט זיך כּויל באַוועגט. דער לייבדיגער האָט אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם שכל.
די נאַכט איז געווען אַ טונקעלע, די לבנה איז נאָך נישט אויפגעגאַנגען און קיינער האָט זיי נישט געקענט באַמערקן פון דער שיף. עס איז געווען נישט שווער צו שווימען, מען האָט זיך נישט איינגעמאַטערט, און קין-פאָ האָט אפילו איינגעפונען, אַז דער גאַנצער ענין מיטן אַנטלויפן און מיט די שווים־מלבושים איז בעצם אַ גאַנץ אַנגענעמער.
מען האָט געקענט ליגן און מען האָט געקענט שטיין אין וואַסער, ווי ווער עס האָט געוואָלט. דאָס רודערל האָט געדינט פאַר אַ שטעקן און פאַר אַ בענקל און אַפילו פאַר אַ מין פאָ־רענטשל, אויף וועלכן מען האָט זיך געקענט אָנשפּאַרן.
אָפּגעשווומען בײַ אַ שעה צײַט און זיך רעכט דערווײַ־טערט פון דער שיף, האָבן זיך אַלע פיר צוגעשטעלט אין וואַ־סער, אין אַ קלייניטשקן קרײַז, אָנגעשפּאַרט אויף די רודערלעך און קרעג האָט געזאָגט:
„דער קאַפּיטאַן איז״...
און פריי האָט פאַרענדיקט:
„אַן אויסוווּרף!״
און קין-פאָ האָט צוגעגעבן:
„און לאַאָ-שען איז אַ פּשוטער גזלן!״
מען האָט שטיל געשמועסט אויפן שוואַרצן נאַכטוואַסער. און ווי עס טרעפט תמיד אין אַזאַ פאַל, איז מען ביסלעכווייז

געקומען צו דער סאַמע וויכטיקע׳ פראַגע, וואָס דהאָט יעדן איינעם שטיל געעגבערט דעם מוח.

קין-פאָ האָט געפרעגט:

„און וואָס זאָל איצט זיין? וואָס האָבן מיר צו טאָן?"

אויף דערדאָזיקער פראַגע האָבן די אַגענטן געהאַט בלויז איין ענטפער:

„מען מוז זיך אַלץ מער און מער דערווייטערן פון דער שיף. די שיף איז דערווייל די דירעקטע געפאַר, און אַז זי וועט זיין אינגאַנצן אויסגעמידן, וועט מען טראַכטן ווייטער, וואָס צו טאָן."

קרעג האָט געזאָגט:

„ביז וואָס, ווען, דאַרף מען זיך..."

און פריי האָט פאַרענדיקט:

„אַ ביסל אונטערפייקלען!"

אין די שווים-מלבושים זענען געווען טיפע קעשענעס. אין די קעשענעס זענען געלעגן שמאָלע פלעשער ווין און קאָניאַק, ספּעציעל צוגעגרייט פאַר אַ בויט-נסיעה אויפן וואַסער. דער קליינער עולם האָט אַ זויג געטאָן די שמאָלע העלדזלעך פון די פלעשער און האָט זיך מחיה געווען.

„ס'איז וואַרעמער געוואָרן!" — האָט זיך אַפילו אָנגערופן סון, דערדאָזיקער אָנשכלדיקער מענטש.

די אַגענטן, וואָס האָבן נאָך פריער גוט אַרומגעשמעקט און אַרומגעטאַפּט די שווים-מלבושים, האָבן געזאָגט, אַז אין די דאָזיקע מלבושים געפינען זיך קליינינקע שפייכלערלעך מיט עסנוואַרג און מיט אַלעם גוטן.

„האָט..."—האָט קרעג געזאָגט.

„נאָר געדולט!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

איצט איז מען ווייטער געשווומען פאַוואָליע, נישט געאיילט, אַלע פיר אין איין שורה. פון ערגעץ אַ הינטערקעשענע האָט קרעג און פריי אַרויסגעשלעפּט ווייסע, לייוונטענע זעגלען און צוגעפעסטיקט זיי צו די רודערלעך. קין-פאָ האָט באַלד געטאָן דאָס אייגענע. באָר מיט סונען איז געווען שלעכט. ער האָט איינגאַנצן פאַרלאָרן דעם ווילן און די ענערגיע און מען האָט אַלץ געמוזט טאָן פאַר אים. פון צייט צו צייט פלעגט ער קריגן אַ טאַראַבענץ אין זייט פון קרעגן, באַגלייט מיט דידאָזיקע ווערטער:

„אויב דו וועסט נישט ווערן אַ שטיקל מענטש צוריק וועל איך דיך שעכטן אין וואַסער און די הייפיש וועלן דיך אויפפרעסן! געדענק!"

און פריי האָט צוגעגעבן:

„איך וואָלט עס שוין געטאָן. צו וואָס טויג אונדז צו שלעפּן אַזאַ נאַרישע משא מיט זיך?..."

מיט די זעגלען איז מען זייער שנעל געשווומען פאָרויס. אַ גינסטיקער ווינט האָט זיי צוגעהאָלפן. די לבנה איז נאָך אַלץ נישט אויפגעגאַנגען. מען האָט ווידעראַמאָל געשמועסט און דער שמועס האָט זיך נאָך אַלץ געדרייט אַרום דער איבנדערמאָנטער פראַגע. די אַגענטן האָבן געזאָגט, אַז מען דאַרף נישט צו ווייט פאַרקריכן, און אַז מסתמא וועט מען דאָ ערגעץ אָנבאַגעגענען עפּעס אַ שיף, מיט וועלכער זיי וועלן זיך דערשלאָגן צו אַ האַפן. קין-פאָ האָט געשוויגן, איינגעפינענדיק, אַז ער איז בעצם מסכים מיט זיי: די צוויי אַגענטן רעדן צו דער זאַך.

מערקווירדיק, ווי די אַגענטן האָבן זיך פריי געפילט אויפן וואַסער, פּונקט ווי זיי וואָלטן געבאָרן ווערן אין ים. דידאָזיקע

גלייט האָבן זיך ווונדערלעך שנעל צוגעפּאַסט צו אַלע באַדינגונגען און האָבן זיך באַלד געפילט, ווי ביי זיך אינדערהיים. פאַר זיי האָבן נישט עקזיסטירט קיין שום שוועריקייטן און קיין שום מניעות. פרעמדע, אַמעריקאַנער, האָבן זיי דאָ, אין די ווייטע כינעזישע וואַסערן, געקאָמאַנדעוועט און אָנגעדרייט אַ רעדל מיט דער געניטקייט פון אַ כינעזישן קאַפּיטאַן. קין-פּאָ האָט זיי, נישט חילנדיק, געפאָלגט מיט דער געהאָרזאַמקייט און פּינקטלעכקייט פון אַ זעלנער. זיי זענען אָבער געווען זייער טאַקטיש און די אָנפירונג פון דערדאָזיקער אויסטערלישער פלאָטיליע האָט כלומרשט געהערט צו קין-פּאָ.

„צי וועט הער קין-פּאָ"...—האָט קרעג געזאָגט.

דערלויבן אונדז ווידעראַמאָל אָפּצורוען!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

„מיט פאַרגעניגן!"—האָט קין-פּאָ זיך באַלד אָנגערופן.

מען האָט „אַראָפּגעלאָזט" די זעגלען, זיך „פאַראַנקערט", און ווי דער אַרויסגעשלעפּט די פלעשלעך פון די טיפע קעשענעס. אין אַ ווײַלע אַרום האָבן אַלע גענומען זויגן פון די שמאָלע העלדזלעך.

„ס'איז נישט שלעכט,"—האָט קין-פּאָ באַמערקט.

„ס'איז זייער גוט!"—האָט קרעג געזאָגט.

„ס'איז גאָר, גאָר גוט!" — האָט פריי פאַרענדיקט.

יעדעס מאָל, ווען מען האָט געטרונקען דעם קאָניאַק, איז וואַרעמער געוואָרן. און נישט נאָר ס'איז וואַרעמער געוואָרן— מען האָט זיך אויך דערפילט מוטיקער און דרייסטער און פריילעכער. מען האָט געלאַכט און געחוזקט, פּונקט ווי מען וואָלט געכאַפּט אַ לוסט-נסיעה.

קין-פּאָ האָט געזאָגט:

„מיר שיינט, אַז מיר האָבן אַדורכגעמאַכט אַ פיין שטיקל וועג. ווי ווייט זענען מיר פון דער שיף? קען מען זי דען זען פונדאַנען?"

קרעג און פריי האָבן זיך אויפגעהייבן איבערן וואַסער מיט ים-שפּאַקטיוון אין די הענט. זיי האָבן לאַנג געקוקט אין דער ריכטונג, וווּ זיי האָבן איבערגעלאָזט די שיף, און האָבן זי נישט געפונען. עס איז אויך געווען גענוג פינסטער — די לבנה איז נאָך אַלץ נישט אויפגעגאַנגען.

„די שיף מוז זיין..."—האָט קרעג געזאָגט.

„ווייט!" —האָט פריי פאַרענדיקט.

קין-פאָ האָט זיך אָנגערופן:

„מען האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ גליקלעכן, פאַר זייער אַ גליקלעכן, און וואַנג האָט שטענדיק געטענהט, אַז דערין, וואָס איך בין פלומרשט „גליקלעך" ליגט מיין אומגליק... איצט בין איך ווייט פון גליק. איך האָב נישט קיין הצלחה. מיין בייז מזל פאַרפאָלגט מיך. איר זענט דאָך עדות: מיין חתונה איז פאַרשטערט געוואָרן אין דער אייגענער שעה, ווען זי האָט באַדאַרפט פאָרקומען, אַ זאַך, וואָס טרעפט זעלטן און וואָס טרעפט נאָר מיט גרויסע שלים-מזלס... איך בין אויך אַ שלים-מזל. דאָ אָבער מוז איך מודה זיין, אַז מיר האָבן זיך מיט גרויס הצלחה אַרויסגעגנבעט פון דער שיף... עס איז אונדז געלונגען, און די שווים-קליידער האָבן אונדז ממש געראַטעוועט דאָס לעבן. וואָס וואָלטן מיר געטאָן אָן זיי?"

די אַגענטן האָבן געלאַכט. זיי האָבן געזאָגט, אַז אויף דער וועלט עקזיסטירט נישט קיין מזל און קיין שלים-מזל, נאָר כּוח און ווילן און ענערגיע. אַ מענטש איז על-פּי-רוב שטאַרקער פאַר אַ געפאַר, ווען ער האָט נאָר גענוג מוט און ענער-

גיע. אַזאַ מענטש, ווי סון, קען רעדן פון מזל און שלים־מזל, ווייל ער איז אַ זראַ, אַ גאָרנישט, אַ באָסע קאַץ.

„אָבער מיר,״ — האָט קרעג געזאָגט און זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין דער ברוסט, — „זענען מענטשן...״

„פון ווילן און ענערגיע!״ — האָט פריי פאַרענדיקט.

„מיר שווימען ווייטער?״ — האָט קין־פּאַ געפרעגט.

„וואָס פאַר אַ פראַגע?״ — האָבן ביידע אַגענטן מיטאַמאָל געענטפערט.

די קליינע פלאָטיליע האָט זיך באַלד געלאָזט שווימען אין דער מערב־ריכטונג. מען האָט זיך לייכט געגליטשט איבערן וואַסער מיט די אויפגעהייבענע זעגלען, וואָס זענען קונציק געווען צוגעפּעסטיקט צו די גלאַט־געטאָקטע רודערלעך.

עס איז אויפגעגאַנגען די לבנה און האָט, ווי אַ ריזיק־גרויסע לאָמפּ, באַלויכטן דעם ים. פון דער רעכטער זייט האָט מען געקענט זען דעם פלאַכן ברעג פון דער הימלישער אימפּעריע. איצט האָט מען זיך אַפילו געקענט ראַטעווען אויפן ברעג. דאָס איז געווען נישט שווער. דער רויקער ים האָט נישט געשטערט דערצו. אָבער איידער מען האָט געמאַכט אַ שטיקל באַראַטונג וועגן דעם, האָט קרעג אַ קריץ געטאָן מיט די ציין און ווילד אויסגעשריען:

„די שיף!״

און פריי האָט באַלד צוגעגעבן:

„פאַרשאָלטען זאָל זי ווערן!״

קין־פּאַ האָט זיך אומגעקוקט.

נישט ווייט פון האָריזאָנט, באַגאָסן מיט ווייסן לבנה־ליכט, האָט זיך באַוועגט די גוט באַקאַנטע שיף. אַפּנים, אַז דער קאַפּיטאַן האָט זיך געכאַפּט, אַז מען האָט געמאַכט פּליטה און איצט דרייט ער זיך אַרום אין די נאָענטע וואַסערן און זוכט די אַנט־

לאָפּענע פּאַסאַזשירן.

די אַגענטן האָבן געהייסן, מען זאָל „אַראָפּלאָזן" די זעגלען און מען זאָל זיך נישט באַוועגן. די קליינע „פלאָטיליע" איז באַלד געבליבן שטיין און האָט געגלאָצט אויף דער שיף, פון וועלכער עס איז געפאַלן אַ שוואַרצער שאָטן אויפן באַלויכטענעם וואַסער. די שיף האָט זיך דערנענט צו די שווימער.

„לאָזט אַראָפּ די קעפּ!"—האָט קרעג באַפוילן.

יעדער איינער האָט אין דער זייט, ביי די לענדן אָפּגע־דרייט אַ קליינעם קראַן אין זיינע קויטשוק־מלבושים. עס האָט זיך דערהערט אַ פאַרשטיקט פּייפן פון אַרויסגעגאַנגענער לופט. די שווימער האָבן זיך טיפער אַראָפּגעלאָזט אין וואַסער. בלויז די קעפּ האָבן זיך אַרויסגעזען.

„איך מיין, אַז מען וועט אונדז נישט באַמערקן,"—האָט קין־פּאָ געזאָגט.

די אַגענטן האָבן אים נישט געענטפערט.

אין פינף מינוט אַרום איז שוין דער „סאַם־יעפּ" געווען אַזוי נאָענט, אַז מען האָט געקענט דייטלעך זען דעם הויכן שטריק־געפלעכט פון דער שיף. מען האָט אויך געקענט זען, ווי דער קאַ־פּיטאַן האָט פאַרנומען דאָס אָרט פון דעם שטייערמאַן און ווי די מאַטראָזן לויפן אַרום, ווי פאַרסמטע מייז, איבערן שיפדעק.

די פיר פליטהניקעס האָבן מיט גרויס אָנשטרענגונג און מיט אַ פאַרהאַלטענעם אָטעם זיך צוגעקוקט צו דער גייענדי־קער שיף. ביי די אַגענטן האָט געברענט דאָס בלוט פון ניי־גיר. עס האָט זיי געקיצלט דאָס נייע און אינטערעסאַנטע, וואָס קען זיך דאָ מאַכן...

פּלוצלונג האָבן זיך דערהערט געוואַלדן אויף דער שיף. אומרויקע שאָטנס פון אָנגעלאָפענע מענטשן האָבן זיך באַוויזן אויפן שיפדעק, די געוואַלדן האָבן זיך פאַרשטאַרקט.

קין-פּאָ האָט גענומען שעפּטשען צו די אַגענטן:
„וואָס באַטייט עס?"

אפּנים, אַז די חברה-לייט, וואָס זענען געלעגן אין די טרומנעס, זענען אַרויסגעשפּרונגען אויפן שיפּדעק. אָבער צו וואָס געוואַלדעוועט מען? ווער שלאָגט און ראַנגלט זיך דאָרט? וואָס געשעט דאָרט אַזוינס?

די קליינע „פלאָטיליע", וואָס איז געשטאַנען „פּאַראַנקערט" אין וואַסער, האָט דייטלעך געהערט, ווי עמעץ געוואַלדעוועט, געבענדיק קלעפּ און אַ צווייטער, באַקומענדיק קלעפּ, שרייט און יאָמערט פון ווייטיק און פאַרצווייפלונג...

אין אַ ווײַלע אַרום האָט מען געהערט, ווי עס פאַלן גופים אין ים אַריין: פּליוך! פּליוך! פּליוך!..

עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי דער קאַפּיטאַן מיט זיינע מאַטראָזן וואָלטן זיך געראַנגלט מיט לאַאָ-שענס באַנדע... מען האָט זיך געשלאָגן אויף טויט און אויף לעבן, די קולות און גוואַלדן האָבן אָנגעפילט די לופט. ווער איז, אַלזוי, געווען דער קאַפּיטאַן. לאַאָ-שענס אַ שותּף, צי נישט קיין שותּף? אויף דערדאָזיקער פראַגע האָט קיינער נישט געקענט געבן קיין ענטפער.

און די שיף איז דערווייל געגאַנגען פאָרויס. זי איז פאַרבייגעגאַנגען די פיר פליטהניקעס און האָט זיי נישט באַמערקט. די לעצטע האָבן זיך פאַרבאָרגן אינם געדיכטן לאַנגן שאָטן, וואָס איז געפאַלן פון דער שיף. אין דעם סאַמע קריטישן מאָמענט האָבן זיי אַרונטערגעטונקט די קעפּ און אַזויאַרום אויסגעמידן די געפאַר.

מען האָט זיך באַלד באַרויקט, און די אַגענטן האָבן געלאַכט. פאַר זיי איז עס געווען אַן אַנגענעם שפּיל, אַ שפּיל

מיטן טויט. מען האָט אַרויסגעכאַפּט די שמאָלע פּלעשער און מען האָט געטרונקען לחיים נאָך מיט לאַכעדיקע ליפּן.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיי אַ כוואַליע צוגעוואָרפן דעם טויטן גוף פון קאַפּיטאַן. אַ לאַנגער חלף האָט איבם טיף געשטעקט אין זייט... ער האָט זיך לאַנגזאַם געוויגט אויפן וואַסער דאָ מיטן פּנים אַראָפּ און דאָ מיטן פּנים אַרויף. נאָכדעם האָט אים אַ צופּ געטאָן אַ נײַע כוואַליע און ער איז אַנטרונען געוואָרן אין די טיפענישן פון ים.

דרויסן האָט שוין געטאָגט.

אין מזרח האָט זיך אויפגעהייבן אַ רויטע זון און האָט באַגאָסן דעם ים מיט רויטן צאַפּלדיקן ווײַן. עס איז געווען קיל און רויק אויפן ים.

## שווערע איבערלעבונגען.

די קליינע „פלאָטיליע" האָט זיך אַרומגעקוקט. די שיף האָט מען אין ערגעץ נישט געזען. אַפּנים, אַז זי האָט זיך שטאַרק דערווייטערט און איז אַוועק אין וועג אונטער דער אָנפירונג פון גזלנישע הענט. איפן ים איז געווען שטיל. קיין שום סימן פון אַ שיף, פון אַ זעגל, פון עפּעס אַ מענטשלעכער באַוועגונג. מען האָט אויך שוין מער נישט געזען דעם ברעג. ווו זענען זיי? און וואָס טוט מען ווייטער?

קין-פאָ האָט געזאָגט:

„איך מוז אָנערקענען, אַז די לאַגע איז אַן ערנסטע... נישט קיין שיף און נישט קיין ברעג."

די אַגענטן האָבן אים באַלד באַרויקט!

„נאָר נישט געקלאָגט. עס וועט זיין גוט."

אין אַ ווײַלע אַרום האָט קרעג געפרעגט:

„הער קין-פאָ, וועט איר דערלויבן..."

און פריי האָט באַלד פאַרענדיקט:

„צו עסן!"

אַ ברייטער, אַ משונה אָנגעבלאָזענער אין זיינע שווים־
מלבושים, פונקט ווי ער וואָלט זיצן אין אַ פּענכער, האָט קין־
פּאָ קאָמיש צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און באַוועגט מיט די ליפּן:
„יאָ, עסן שאַדט נישט... אַוודאי... מיר וועלן עסן.״
די אַגענטן האָבן אַרויסגעשלעפּט פון זייערע טיפע קע־
שעניש קויטשוקענע סערוועטלעך און אויסגעשפּרייט זיי אויפן
וואַסער. יעדעס סערוועטל האָט געהאַט פיר פּיסלעך מיט קליינע
אַנקערלעך, אַזוי, אַז זיי זענען געשטאַנען אויפן וואַסער, ווי
ווייסע טישלעך. נאָכדעם האָט מען אַרויסגעשלעפּט סאַרדינען,
געזעקטע פלייש, טוכאַרעס און קליינע מעסער־גאָפּל. דאָס אַלץ
האָט אויך קין־פּאָ געפונען ביי זיך אין די שווים־מלבושים, אַזוי
ווי סון דהאָט קיין איין זעלבשטענדיקע באַוועגונג נישט גע־
קענט מאַכן, האָט אים קרעג פריער מכבד געווען מיט אַ פּאָר
ווטע קלעפּ און נאָכדעם האָט ער אויסגעשפּרייט פאַר אים זיין
סערוועטל, וואָס ער האָט אים אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע.
מען האָט זיך גענומען צו דער אכילה מיט גרויס אַפּעטיט.
דער עולם דהאָט מיט ענערגיע געטשאַמקעט, געזאַרבעט
מיט די ציין, ווי אויסגעהונגערטע חיות. דער פריילער צרהדיקער
סון, וואָס האָט לחלוטין פאַרלאָרן דעם שכל אין וועג, האָט גע־
געסן מער פון אַלעמען. קרעג האָט אַפילו געוואָרטשעט מיט אַ
בייז אויג, אָנגעקערט צו סונען:
„פרעסן קען עס, דער רוח זאָל אים נעמען!״
דעם פרישטיק האָט מען פאַרטרונקען מיט וויין. קין־פּאָ
האָט זיך אָפּגעווישט די ליפּן און געפרעגט די אַגענטן:
„אויף ווי לאַנג, מיינט איר, האָבן מיר פּראָוויאַנט?״
די אַגענטן האָבן געענטפערט:
„אויף צוויי טעג...״
„אויב אַזוי, איז נישט אַזוי פריילעך...״

„פֿאַרוואָס?“

„מיר ווילן שטאַרבן פֿון הונגער.“

„ניין, מיר ווילן פֿון הונגער נישט שטאַרבן. אין צוויי טעג קענען מיר אויפֿטאָן בערג! קיינער גראָזיעט אונדז שוין נישט. קיין שום געפֿאַר איז נישטאָ. אונדזערע שווים-מלבושים ווילן אונדז אַרויסשלעפּן פֿון אַלע צרות. מיר ווילן זיך דערשלאָגן צום ברעג. מיר דאַרפֿן זיך נאָר האַלטן גוט און מונטער. דאָס איז דער עיקר!“

מען האָט אַראָפּגענומען פֿון וואַסער די סערוועטלעך. דער פֿרישטיק איז געענדיקט, הגם ביי סונען אין פּיסק האָט נאָך געשטעקט אַ היבשער שטיק ברויט.

קין-פֿאָ האָט אויפֿגעהייבן די אויגן און געזאָגט שטאַרק גערירט:

„הער קרעג און פֿריי! מיין האַרץ איז פֿול מיט אויפֿריכטיקער דאַנקבאַרקייט צו אייך... איך ווייס נישט און קען מיר גאָרנישט פֿאָרשטעלן, מיט וואָס איך וועל אייך קענען אַמאָל אָפּצאָלן פֿאַר אייער טריישאַפֿט און מסירת-נפֿש. מיט קיין געלט קויפֿט מען נישט אַזוינע זאַכן... איך ווייס נאָר, אַז דאָס האַרץ איז מיר פֿול מיט דאַנקבאַרקייט. איך זע אין אייך נישט בלויז טרייע, קלוגע און גוטע פֿריינט, נאָר אמתע רעטער פֿון מיין לעבן!..“

די אַמעריקאַנער האָבן געשמייכלט. קרעג האָט געזאָגט:

„מיר דאַנקען אייך פֿאַר די גוטע אויפֿריכטיקע ווערטער. אָבער איר דאַרפֿט דאָך נישט פֿאַרגעסן, אַז מיר זענען אויך אַרבעטער, אָנגעשטעלטע פֿון דער...“

און פֿריי האָט באַלד פֿאַרענדיקט:

„אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפֿט „Centenaire“...

שטייענדיק ביז דער ברוסט אין וואַסער, אָנגעבלאָזענע, ווי

פענכערס, האָט קין-פאָ געדריקט יעדן איינעם די האַנט.

ער האָט צוגעגעבן:

„מענטשלעכע געשיקטקייט און פלינקייט זע איך דאָס ער-שטע מאָל אין אַזאַ מאָס, ווי ביי אייך. דאָס איז אייגנטלעך, מענטשלעכע גאונות! איך האָב נישט קיין ווערטער פאַר אייך! איין זאַך וועל איך אייך זאָגן, אַז מיט אייך איז מען באמת זיכער מיטן לעבן, ווי עס זאָל נישט זיין און וואָס עס זאָל נישט זיין!"

און נאָכאַמאָל האָט מען זיך געדריקט די הענט. נאָכדעם האָט מען „אויפגעהייבן" די זעגלען און מען איז אַוועקגעשווו-מען אין דער מערבדיקער ריכטונג. מען איז געשווומען שטיל, אָן ווערטער, גאָר זיכער און שנעל. קיין שום שיף האָט דאָס אויג נישט באַמערקט אויפן ים. קליינע כוואַליעס זענען געגאַנ-גען איינע נאָך די אַנדערע און דער גאַנצער ים איז געווען ענלעך צו אויפגעאַקערטער ערד.

אָפגעשווומען ביי אַ פּאָר שעה, האָט קין-פאָ באַמערקט, אַז עס ווערט קאַלט. אַ רויער ווינט האָט זיך אַדורכגעטראָגן פון צפון. די זון האָט זיך אויף אַ ווײַלע באַהאַלטן צווישן די וואָלקנס.

„ס'איז קאַלט," — האָט קין-פאָ זיך אָנגערופן, — „דער ווינט נעמט דורך די ביינער."

„ווען מיר מאַכן..." — האָט קרעג געזאָגט.

„וואַרעם!" — האָט פריי פאַרענדיקט.

„ווי אַזוי וועט איר מאַכן וואַרעם?" — האָט קין-פאָ גע-פרעגט.

„יעדער איינער פון אונדז האָט אַן אויוועלע אין קעשע-נע," — האָט קרעג געזאָגט. — „פאַר אונדז וועט זיין גענוג איין..."

„אויוועלע!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

קרעג האָט ווידער געזאָגט:

„ס׳איז דאָס אַזויגערופענע באַיטאַנס אויוועלע. איר וועט עס באַלד..."

„זען!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ קליין אַפּאַראַטל, ענלעך צו אַ לאַמטערנע. דאָס אַפּאַראַטל האָט געהאַט צעשפּריי-טע פּיסלעך מיט אַנקערלעך און איז געשטאַנען אויפן וואַסער, ווי אויף אַ טיש. קרעג האָט אַ דריי געטאָן אַ שרייפעלע אין אַפּאַראַטל און באַלד דערויף איז אַרויסגעשפּרונגען אַ ריין העל פייער, וואָס האָט פאַרשפּרייט און געטריבן אַרום זיך וואַרעמע כוואַליעס.

„נו, אָט האָבן מיר אַן אויוון!"—האָט פריי מיט הנאה זיך געריבן די הענט.

„פונוואַנען, אייגנטלעך, באַקומט זיך דאָס פייער? — האָט קין-פּאָ געפרעגט.

די אַגענטן האָבן דערקלערט:

„פון אַ פאַרבינדונג פון פאָספאָר מיט קאַלך... ווען דידאָ-זיקע פאַרבינדונג באַהעפט זיך מיט וואַסער, באַקומט זיך אַ ברע-נענדיקער גאַז. און דערדאָזיקער גאַז ברענט אין ווינט און אין רעגן, אין נאַסקייט און אין ים. קיין שום וואַסער קען אים נישט אויסלעשן... נאָר לאָמיר רעדן פון פרייליכערע זאַכן: אפשר וועלן מיר מאַכן טיי?"

קיינער איז, נאַטירלעך, נישט געווען קעגן דעם. אויפן פייער איז צוגעשטעלט געוואָרן אַ קליין דין קעסעלע, אָנ-געפילט מיט זיס וואַסער, וואָס יעדער איינער האָט געהאַט אין אַ פעסעלע ביי זיך אין די טיפע קעשעניש-שפּייכלערס...

„מיר האָבן דאָ גאַנצע אוצרות אין די קעשעניש!"—האָט

זיך קין-פאָ געוויצלט.—מען שלעפט און מען שלעפט פון דאָרט און עס נעמט זיך נישט אויס! אַ מערקווירדיקע זאַך!"

„דאָס אַלץ איז באַיטאַנס דערפינדונג!"—האָט קרעג דער־קלערט.—ער האָט לכתחילה אַלץ באַזאָרגט. מיט זיין דערפינדונג האָט ער געהאַט אין זינען בלויז די־יעניקע, וואָס זענען פאַר־אומגליקט געוואָרן אויפן ים און וואָס דאַרפן זיך אויפהאַלטן אין וואַסער אַ געוויסע צייט, ביז אַ שיף וועט אונטערקומען. פילט איר, ווי שטאַרק עס וואַרעמט אונדז..."

„דאָס פייער!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

עס איז באמת אַזוי וואַרעם געוואָרן, אַז מען האָט גע־מוזט דורך אַ דריי מיט אַ שרייפעלע פאַרלעשן דאָס אויוועלע. דער עולם האָט געשוויצט. קין-פאָ האָט זיך איבערגעווישט דעם שטערן און סון האָט געסאָפּעט, ווי אין אַ באָד.

מען האָט געטרונקען טיי.

עס איז געווען זייער אַן אָריגינעל בילד: פיר אָנגעבלאָ־זענע פּענכערס האָבן אין אַ מיטן ים, שטייענדיק אין וואַסער ביז דער ברוסט, פאַרשוויצטע, געבלאָזן און געזופּט דעם הייסן טיי פון קליינינקע גלעזלעך... פון גרויס התפעלות האָט אפילו סון צרויסגעמרוקעט, ווי אַ קאַלב:

„מענטשן וועלן דאָך מיט דער צייט אויסקלערן אַ לעבע־דיקן מענטשן אויך. וויבאַלד אַז זיי האָבן געקענט אויסקלערן אַזוינע זאַכן, ווי שווים-מלבושים, אויוועלעך, סערוועטלעך, זע־געלעך..."

„נו, נו, שווייג!"—האָט אים קרעג צוגעוואָרפן מיט אַ זוי־ערער מינע.

נאָכן טיי איז מען ווייטער אַוועקגעשוומען אין איין שורה, און סון האָט עפּעטער געקריגן אַ טאַראַבענק אין זייט, ער זאָל נישט בלייבן הינטערשטעליק. דאָס שווימען איז אָנגעקומען אַזוי

לייכט און אַזוי באַקוועם, אַז דער עולם האָט געהאַט חשק איינ־צודרעמלען... קיין סכנה, דערטרונקען צו ווערן, איז נישט גע־ווען. מען האָט אָבער געפילט, אַז מען טאָר נישט איינשלאָפן און מען האָט זיך געווערט קעגן דעם.

ביידע אַגענטן זענען געשווומען מיט פאַררויכערטע צי־גאַרן.

„דאָס איז דאָס בעסטע מיטל...״—האָט קרענ געזאָגט.

„נישט צו שלאָפן!״—האָט פריי פאַרענדיקט.

„דער ים איז בכלל נישט קיין זיכערער באָדן, אַז מען זאָל מעגן איינשלאָפן אויף זיינע כוואַליעס,״ — האָט קין־פאָ באַמערקט.

עס האָבן זיך פלוצלונג באַוויזן אין וואַסער גרויסע מחנות מיט־שווימער אין דער געשטאַלט פון ים־חזירימלעך, וואָס האָבן געגלאָצט מיט קליינע שוואַרצע פאַרחידושטע אייגלעך אויף די אומבאַקאַנטע אויסטערלישע ברואים, וואָס האָבן געשווומען צו־גלייך מיט זיי אין ים. זיי זענען אַרויסגעשפרונגען פון וואַסער, פאַרלאָפן דעם וועג פאַר די שווימער, זיי באַטראַכט און באַ־קוקט פון קאָפּ ביז די פיס און זיך אַליין נישט געקענט אָפּ־חידושן פון דידאָזיקע אויסטערלישע ברואים. מען האָט דייטלעך געזען, ווי זיי ווערן געפייניקט פון נייגיריקייט.

קין־פאָ האָט זיי אָנגעקוקט און געשמייכלט.

„ווען מיר זענען אַזוינע שווימער, ווי זיי,״—האָט ער גע־בעזאָגט, — „וואָלטן מיר שוין לאַנג אַרומגעשפאַצירט אויף דער יבשה...״

„זיי שווימען דאָך נישט,״—האָט פריי באַמערקט, — „זיי שפרינגען איבער די כוואַליעס, ווי איבער אומבאַוועגלעכן באָדן. נו, די ים־חזירימלעך געהערן צו די בעסטע ים־שווימער.״

צו האַלבן טאָג איז אויפן ים געווען אַזוי שטיל און פאַרגליווערט, אַז די אָנגעצויגענע זעגלען זענען געפאַלן. זיי זענען געווען איבעריק און מען האָט זיי געמוזט צונויפלייגן און אריינפּאַקן צוריק אין קעשענע. אין דער פאַרגליווערטער לופט האָט מען געקענט זען אַ שטיק ים, אָבער טויטער ים, אָן אַ סימן פון אַ זעגל, צי אַ רויך פון אַ דאַמפער, פּונקט ווי דערדאָזיקער ים וואָלט פאַרגעסן אָדער פאַרשאָלטן געוואָרן פון מענטשן.

עס איז געווען הייס, די זון האָט געבאַקט, די שווימער האָבן געשוויצט, ווי אין אַ באָד.

דער ברעג איז לגמרי אַנטרונען געוואָרן פון די אויגן.

מען האָט אָבער געמוזט ווייטער שווימען.

קרעג האָט באַפוילן:

„איצט איז אַ צייט צו אַרבעטן מיט די רודערלעך! אַרבעט!"

און מען איז ווייטער געשווומען. איינער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויפן רוקן, אַ צווייטער אויפן זייט און מען האָט זיך גערוקט פאָרויס מיט דער הילף פון די רודערלעך. שלעכט איז נאָר געווען דערמיט, וואָס מען האָט נישט געוווסט, ווו מען געפינט זיך, צי ווייט, צי נאָענט פון ברעג און די ריכטונג האָט נישט געקענט זיין קיין באַשטימטע.

נישט ווילנדיק איז מען אַריינגעשווומען אין אַ מין וועלדל פון וואַסערראָר. אין דעמדאָזיקן נישט אַנגעגעבענעמען וועלדל האָט מען זיך פאַרפּלאָנטערט, ווי אין אַ נעץ און מען האָט נישט געקענט אַרויסקריכן. מען האָט געמוזט פּשוט שניידן דעם וואַסערראָר און אַזויאַרום זיך באַפרייען פון אים. דאָס האָט שטאַרק אויסגעמאַטערט און ס'האָט צוגענומען אַ סך צייט.

אַרויס פון איין צרה, איז מען אַריין אין אַ צווייטער צרה. די פאַרגליווערטע לופט האָט געפּלאַצט. אויפן ים האָט זיך אויפגעהייבן אַ שטורעם.

מען האָט געמוזט בלייבן שטיין און איבערוואַרטן דעם שטורעם. ווי קלוג באַיטאָן האָט נישט צוגעטראַכט זיינע שווים-מלבושים, דאָך זענען זיי געווען גאָר אַ קנאַפּע חזקות אין דער צייט פון אַ שטורעם. מען האָט געמוזט זיין זייער פאָרזיכטיק און מען האָט זיך נישט געטאָרט רירן פון אָרט. ביי דער קלענסטער באַוועגונג האָבן די מלבושים געקענט פּלאַצן און דער מענטש האָט באַלד אויפן אָרט געקענט דערטרונקען ווערן.

מען איז לאַנג געשטאַנען אָן באַוועגונג און מען האָט זיך דערווייל אויסגערוט. און אַז דער שטורעם האָט אַ ביסל נאָכגעלאָזט, האָט מען ווידער גענומען אין מויל אַריין. קין-פּאָ איז געווען אומעטיק. ער האָט געוואָלט חתונה האָבן. ער איז געווען בייז אויף וואַנגען, אויף זיך, אויף לאַאָ-שען, אויפן ים און אויף זיין וויסטן מזל.

ביסלעכווייז איז צוגעפאַלן די נאַכט. אַ רויער ווינט האָט נאָכן שטורעם אַ פּאַטש געטאָן דעם ים. עס איז געווען קאַלט.

וווהין שווימט מען? אין וואָסער ריכטונג?

פון סונען איז שוין גאָרנישט געווען אויסצעהאַלטן. דערדאָזיקער נפש, וואָס האָט פאַרלאָרן דעם שכל, האָט כסדר געסאָפּעט און געהוסט און געשפּייט און געקלאָגט מיט אַ קווויטשיק שטימעלע, ווי אַ יונג הינטל, וואָס קינדער שטיקן עס ביים האַלדז. קלאָר און רויק איז ער נאָר געווען ביים עסן. קרעגס טאַראַבענצעס האָבן שוין אויך נישט געהאָלפן. ער האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק און האָט זיך געטאָן דאָס זייניקע.

איינמאָל איז קין-פּאָ אַרויס פון די כּלים און האָט זיך צעשריען מיט אַזאַ רציחה אויף סונען, אַז די אַגענטן האָבן אומגערן געגומען „אונטער אָבסערוואַציע" זיינע הענט: צי וויל ער באמת נישט דערהרגענען זיין געשיקטן און קלוגן לייב־דינער?

קין-פּאָ האָט געשריען:

„איך וועל דיך דערשטיקן ווי אַ גאַסנהונט, ווי אַ שטשור, אויב דו וועסט נישט אויפהערן צו סאָפּען און צו פּראַוווען דיינע מיאוסע שטיק! מיט מיר זאָלסטו איצט זיך נישט שפּילן!"

סון האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אין וואַסער און האָט געשוויגן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער ווידער געטאָן דאָס זייניקע.

עס איז געווען אַ ליכטיקע נאַכט.

די לבנה האָט געשלאָגן פון אויבן מיט בלענד־ווייסן ליכט. דאָס אויג האָט ווייט אַרומגעכאַפּט דעם ים־שטח. קרעג האָט פּלוצלונג אָנגעהייבן שרייען:

„אַ זעגל! אַ זעגל!"

פון דערווייטנס האָט געשניטן דאָס וואַסער אַ זעגלשיף.

קין־פּאָ האָט באַלד געפרעגט:

„וואָס טוען מיר?"

און קרעג האָט געענטפערט:

„זיי וועלן אונדז נישט באַמערקן. וועגן דעם איז גאָרנישטאָ וואָס צו רעדן. מיר מוזן זיי לויפן אַנטקעגן!"

דער קליינער עולם האָט זיך באַלד אַ וואָרף געטאָן צו דער שיף. מען איז געשווומען מיט דער גרעסטער שנעלקייט, וואָס איז נאָר געלעגן אין זייערע כּוחות. סען האָט זיך פּשוט געיאָגט אין וואַסער. פריי האָט געיאָגט קרעגן, קין־פּאָ סרייען, און דער שלאַק

סון האָט געיאָגט קין־פּאָ. עס איז געגאַנגען וועגן לעבן און טויט. מען איז געפלויגן, ווי ים־פיש און מיט איין אָטעם האָט מען גע־שניטן די כוואַליעס.

מיט גרויס אימפּעט האָט מען זיך דערנענט צו דער שיף. דער שטח צווישן די שווימער און דער זעגלשיף האָט זיך מיט יעדער מינוט שטאַרק פאַרקלענערט. איצט האָט מען געקענט זען, אַז דאָס איז אייגנטלעך אַ געוויינלעכע פישערשיף—אַ סימן, אַז דער ברעג איז נישט ווייט. די כינעזער האָבן נישט ליב צו קריכן אין אָפּע־נעם ים מיט אַ פשוטער פישערשיף. אין דעם פרט זענען זיי זייער פאָרזיכטיק און צוריקגעהאַלטן.

קרעג און פריי האָבן, ווי איין מענטש, געשריען:

„שנעלער! שנעלער! קיין איין מינוט טאָר נישט פאַרלאָרן גיין!"

דידאָזיקע געשרייען האָבן צוגעגעבן מוט די שווימער. וויפל דער איינער האָט נאָך געהאַט כוחות, האָט ער זיי אַריינגעלייגט אין דער שווים־קונסט. די שיף איז שיין גאָר נאָענט געווען. נאָך אַ ביסל אָנשטרענגונג, נאָך אַ ביסל ענערגיע און אימפּעט—און מען איז געראַטעוועט.

סון האָט אָבער פּלוצלונג גענומען שרייען נישט מיט זיין קול:

„געוואַלד, אַ הייפיש! געוואַלד!"

פאַר דער צייט, וואָס מען איז געלעגן אין ים אין באָי־טאָנס מלבושים, האָט סון שוין עטלעכע מאָל געשריען „אַ היי־פיש," אָבער קיינער האָט זיך נישט אומגעקוקט אויף אים. דאָס־מאָל אָבער האָט ער זיך נישט טועה געווען. נישט ווייט פון דער „פלאָטיליע," ביי אַ פּופּציק טריט, האָבן זיך מיטאַמאָל באַוויזן די מוראדיקע פלוספעדערן פון דעראָזיקער העסלעכער באַשע־

פּעניש. דאָס איז געווען דער אַזויגערופענער הייפיש־טיגער, וואָס צייכנט זיך אויס מיט אַ געוואַלדיקער בלוטדורשטיקער פרעסע־רישקייט.

אַ קוק געטאָן מיט די שאַרפע און ווייטזעענדיקע אייגלעך, האָבן די אַגענטן אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

„פאַר די מעסערס!"

דאָס איז געווען דאָס איינציקע געווער, וואָס האָט זיך גע־פונען אין זייער רשות. מען האָט זיך גענומען גרייטן צום קאַמף דווקא אין אַזאַ מינוט, ווען מען האָט זיך געוואָלט ראַטעווען אויף אַ שיף. קין־פאָ האָט, אַ בייזער, ווידער געשעפּטשעט פאַר זיך:

„איך בין דער אומגליקלעכסטער מענטש אין דער וועלט!.."

דערזען, אַז מען גרייט זיך צו אַ שווערן קאַמף מיט דער מוראדיקער חיה, האָט סון תיכף ומיד געמאַכט פּיס. קיינער האָט זיך אָבער אויף אים נישט אומגעקוקט. עס איז פאָרגעשטאַנען אַ קאַמף מיט אַזאַ ריז און ביי אַזעלכע שלעכטע אומשטענדן. דער הייפיש האָט עס געמאַכט זייער קורץ. ער האָט בטבע פיינט לאַנגע הכנות. פון וואַסער האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעהייבן דער גרין געשטרייפטער גוף, וואָס האָט אַכצן פוס די לענג און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום שאַנכאַיער עושר...

עס איז געווען זייער אַ קריטישער מאָמענט, אָבער מען מוז מודה זיין: קין־פאָ האָט זיך נישט פאַרלאָרן. ער איז אָפּגע־שפרונגען מיט אַ לייכטער באַוועגונג. אין דער מינוט האָבן קרעג און פריי אויפגעהייבן זייערע בלישטשעדיקע חלפים...

דער הייפיש האָט זיך אַרונטערגעטונקט אין איז באַלד אַרויסגעשווומען צוריק מיט אַ מוראדיקן אָפענעם פּיסק, באַזעצט מיט פיר שורות ציין, שאַרף און שפּיציק, ווי שפּיזעלעך.

און אויפגערעגטער, האָט קין-פאָ געכאַפּט זיין רודערל און האָט מיט אים מכבד געווען דעם הייפיש איבערן פּיסק. דער רודער איז באַלד צעבראָכן געוואָרן. דער הייפיש האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף קין-פאָ.

דער ים האָט זיך אָבער באַלד באַדעקט מיט כוואַליעס פעטן בלוט... קרעג און פריי האָבן מיט זייערע לאַנגע מעסערס העלדיש געפאַלמעסט די חיה פון ביידע זייטן. מען האָט זי געשניטן שטיקערווייז און געקלאַפּט מיט די מעסערס, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזן.

דער הייפיש איז אָפּגעטראָטן פון קין-פאָ און האָט גענומען מיט גרויס רציחה פאַטשן מיטן עק. פון איין פּאַטש מיטן עק איז פריי אָפּגעוואָרפן געוואָרן אין ים אויף אַ מהלך פון צוואַנציק פוס.

קרעג האָט געשריען:

„פריי, דו לעבסט?"

„הוראַ!" — האָט יענער געענטפערט און איז געפלויגן צוריק מיטן מעסער אויפן הייפיש.

די אַמעריקאַנער האָבן זיך געראַנגלט מיט דעראַזיקער ים-פאַרזעעניש, ווי אמתע העלדן. קיין שום סימן פון פחד, פאַרלאָרנקייט. פאַרקערט, יעדע באַוועגונג זייערע האָט אויסגעדריקט שמחה, הנאה, עקסטאַז. די מענטשן האָבן פּשוט אויפגעלעבט אין געראַנגל. אָבער אויך קין-פאָ האָט בישט אַרויסגעוויזן קיין שום פחדנות. ער האָט געכאַפּט דאָס צעבראָכענע רודערל און האָט עס אַריינגעשפּאַרט דעם הייפיש אין פּיסק אַריין. די חיה איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין אין וואַסער אומבאַוועגלעך. אין דער כינוס האָבן די אַגענטן מיט זייערע שפּיציקע מעסערס געעפנט דאָס האַרץ פון הייפיש...

זיי האָבן געזוכט און געפונען. זיי האָבן געפונען און העלדיש געטאָן זייער אַרבעט: די שפּיציקע מעסערס האָבן געטראָפן דעם הייפיש אין האַרץ אַריין.

דער קאַמף האָט זיך געענדיקט. דער הייפיש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אין רויטן, מיט בלוט פאַרלאָפענעם ים. ער האָט שוין מער נישט געלעבט.

קרעג און פריי האָבן זיך איבערגעווישט די פּנימער, קינ־פאָ, שטאַרק געריירט, האָט זיי געדריקט די הענט.

„איך דאַנק אייך!״—האָט ער שנעל און אויפריכטיק געזאָגט.

פריי האָט זיך צעלאַכט, און קרעג האָט גוטמוטיק־גראָב געזאָגט:

„איך ווייס נישט, צי מיר האָבן באמת פאַרדינט אייער דאַנק. דער הייפיש איז דאָך נישט ווערט געווען קיין צווייהונדערט טויזנט דאָלאַר...״

און ער האָט זיך צעלאַכט אַזוי, אַז ער האָט זיך פאַרכליניעט מיט וואַסער.

וו איז אָבער געווען סון פאַר דער צייט?

סון האָט געמאַכט פליטה. ער איז געלאָפן אין זיין באָטאָן־פענכער אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז מען האָט אים באַמערקט פון דער שיף. אויף דער שיף האָט מען אָנגענומען דעם סוחר פאַר אַ דעלפין, אָדער פאַר אַן אַנדער ים־פאַרזעעניש און מען האָט אים געוואָלט פאַקן. די שיף האָט זיך פאָרזיכטיק דערנענט צו אים. באַלד דערויף האָט מען אַרויסגעשיקט אַ לאַנגן שטריק מיט אַ האַטשיק און מען האָט דעם פּחדן און דעם פרעסער אַרויפגעשלעפּט אויפן שיפדעק, ווי מען שלעפּט אַרויף אַ דעלפין. סון האָט געמאַכט גוואַלדן. זיין באָי־

טאָן-מלבוש האָט געפּלאַצט און איז צעפּליקט געוואָרן. אויפן שיפּדעק האָט, ליגנדיק אויפן רוקן, געקוויטשעט און געדריגעט מיט די פיסלעך אַ האַלב משוגענער כינעזער...

די פּשוטע פישער האָבן נישט פאַרשטאַנען דאָס רעטע־ניש. וואָס איז דאָ געשען? ווי קומט אַהער אַ כינעזער?

אָבער זייער חידושן זיך און גאַפן האָט זיך נאָך צענפאַך פאַרשטאַרקט און פאַרגרעסערט, ווען עס זענען צוגעשווומען פון דער זייט נאָך דריי דעלפינען און האָבן געבעטן אויף כינעזיש, מען זאָל זיי אַרויפנעמען אויף דער שיף.

די פישער זענען אַרייַנגעפאַלן אין גרויס אימה און פּחד. זיי האָבן געמיינט, אַז דאָס איז אַ כישוף, געפּראַוועט פון שדים און אַז די וועלט גייט, חלילה, אונטער.

קין-פאָ האָט זיי אָבער סוף־כל־סוף באַרויקט. זיין גוטער כינעזיש האָט שטאַרק גערעדט צו זייער האַרצן, און אַז זיי האָבן זיך איבערגעצייגט, אַז זיי האָבן נישט צו טאָן מיט ים־שדים, האָט מען אַלע דריי אַרויפגענומען אויף דער שיף.

די אַגענטן זענען קודם־כל אַדורכגעלאָפן מיט די אויגן איבער די פישער און האָבן אַ שעפּטשע געטאָן אויף ענגליש צו קין־פאָ:

„ווייסן פון גאָרנישט... שטילע מענטשן..."

דעמאָלט האָט מען זיך מכבד געווען מיטן גוטן קאָניאַק און מען האָט אויך מכבד געווען די פישער. מען האָט זיך באַלד איבערגעטאָן, און אַלץ, וואָס מען האָט געהאַט פון עסנ־וואַרג אין באַיטאַנס שווים-מלבושים, האָט מען אַרויסגענומען און מען האָט זיך גענומען צו דער אכילה צוזאַמען מיט די פישער, וואָס האָבן זיך גאָר מחיה געווען מיט דידאָזיקע זעל־טענע מאכלים.

אַז עס האָט געהאַלטן ביי דער אכילה, איז סון מיט־אַמאָל קלאָר געוואָרן און האָט זיך צוגערוקט מיט הכנעהדיקע אויגן צו די עסער. קין־פּאָ האָט זיך אַ ווײַלע געקווענקלט: צי זאָל ער אים אַראָפּלאָזן אַ פּאַטש, צי שענקען אַ פּאָרציע עסן. צולעצט האָט ער אים צוגערוקט אַ חלק סוכאַרעס מיט געפּעקלטן פלייש און האָט אָפּגעקערט פון אים די אויגן.

„מיר האָבן זיך פונדעסטוועגן געראַטעוועט!" — האָט ער זיך אָנגערופן צו די אַגענטן. — „איך בין מיך מודה: פריער בין איך געווען נישט גאָר זיכער אין דעם."

„און מיר זענען..."—האָט קרעג געזאָגט

„יאָ זיכער געווען!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

נאָכן עסן האָט מען זיך צושמועסט מיט די פישער. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זיי קומען טאַקע אַהער פון פו־בינג, וואָס ליגט נישט ווייט פונדאַנען.

פון גרויס שמחה האָט קין־פּאָ געדריקט די הענט די אַגענטן און נאָכדעם די פישער. מען האָט ווידעראַמאָל געטרונקען און קין־פּאָ האָט זיך געזאָגט, אַז אין זיין גרויסן שלים־מזל ליגט נאָך פונדעסטוועגן פאַרבאָרגן אַ פּיצעלע מזל...

צומאָרגנס אינדערפרי זענען אַלע פיר מענטשן, וואָס האָבן געהערט צו דער „פלאָטיליע", אַרויף מונטער און דרייסט אויפן ברעג פון פו־בינג.

# נײַע פּאַסירונגען.

**נ**ו, איצט מוזן מיר פאַרענדיקן מיטן טײַפּינג!"— האָט קין-פּאָ, אַן אויסגערוטער און אַ צעפרידענער, זיך אָנגערופן צו די אַגענטן.—„דאָס איז אונדזער לעצטע סטאַציע פון וואַנדערן און פײַניקן זיך. דאָ מוזן מיר מאַכן אַ סוף צו אַלע שלעק און זיך אומקערן בשלום אַהיים!"

„מיר ווילן..."—האָט קרעג געזאָגט.

עס אַוודאי און אַוודאי!"—האָט פרײַ פאַרענדיקט.

מען האָט אָפּגעזוכט עפּעס אַן אַכסניה און אַלע פיר האָבן זיך באַזעצט אין צוויי צימערלעך. דער פּלאַן איז געווען דערזעלבער, וואָס פריער. מיט לאַאָ-שען וועט מען דורכפירן דעם ענין אָן שום קונצן, אויף אַ ריין געשעפטלעכן באָדן. מען וועט פשוט אָפּקויפן בײַ אים דאָס פּאַפּירל און מען וועט זיך דינגען, ווי מען איז זיך נוהג בײַ אַלע געשעפטן.

עס איז נאָר אַ ביסל געווען שלעכט מיט די בייגיריקע. די פישער, וואָס האָבן געבראַכט דעם שאַנכאַיער עושר מיט זײַנע לײַט אין האַפן, האָבן פאַרשפרייט פאַרשידענע לעגענדעס

וועגן זיי. מען האָט דערציילט, אַז זיי זענען אַרומגעשוווּמען אין די געדערעם פון וואַלפיש, אַז זיי האָבן געוווינט אויפן גרונט פון ים, אַז זיי זענען געלעגן ביי שדים אין די נאָרעס...

די טומלדיקע און נייגעריקע כינעזישע מחנות האָבן זיי ממש טויב געמאַכט און צוליב דעם האָבן זיי נישט באַמערקט עפּעס אַ כינעזישן פאַרשוין, וואָס איז זיי נאָכגעגאַנגען פוס-טריט. און אַז זיי זענען אַריין אין אַכסניה, איז דערדאָזיקער פאַרשוין געבליבן שטיין, ווי פאַרגליווערט ביי דער טיר און איז שוין נישט אַוועק פון דאָרט.

זיי האָבן אָבער גאָרנישט געזען און נישט געהערט. חוץ-דעם, האָבן זיי זיך נאָך געפונען אונטערן רושם פון די שטאַר-קע ים-איבערלעבענישן. דערדאָזיקער אומבאַקאַנטער כינעזער האָט זיך שפּעטער געוואָלט אָנדינגען צו זיי אַלס באַגלייטער און אויך דעמאָלט האָט ער קיין שום חשד נישט דערוועקט אין זיי. אוי-סערלעך איז עס אפילו געווען אַ גאַנץ השובער כינעזער פון אַ יאָר דרייסיק, מיט רויקע אויגן און שטילע באַוועגונגען.

די צוויי אַגענטן האָבן אים אפילו יאָ גענומען „אַרומ-שמעקן" מיט די אויגן, און קרעג האָט אים סתם אַזוי, פון דע זייט, אַ פרעג געטאָן:

„פאַרוואָס, אייגנטלעך, ווילט איר זיין אונדזער באַגלייטער? שוין-זשע האָט איר אונדז וואָס צו ווייזן?"

דער כינעזער האָט גאַנץ סאָליד געענטפערט:

„די וועגלייט, וואָס קומען אַהער, ווילן שטענדיק זען די גרויסע וואַנט. איך קען גוט דאָס לאַנד און דעריבער וואָלט איך געקענט זיין אייער באַגלייטער."

קין-פאָ האָט זיך אַריינגעמישט:

„זאָגט מיר אָבער צוערשט, צי איז בכלל שטיל אין אייער פּראָווינץ?"

דער כינעזער האָט געענטפערט:

„איך קען אייך פאַרזיכערן, אַז ביי אונדז איז שטיל און רויק.“

קין-פאָ האָט זיך שוין נישט געקענט מער איינהאַלטן און איז אַ ביסעלע צו האַסטיק אַרויסגעשפּרונגען מיט אַ פראַגע:

„זאָגט מיר, איך בעט אייך, וואָס הערט מען עפּעס וועגן לאַאָ-שען?“

דער כינעזער האָט אויפגעהייבן אַ פּאָר רויקע אויגן.

„לאַאָ-שען, דעם טייפּינג, מיינט איר?“

„יאָ, יאָ!“—האָט קין-פאָ צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

דער כינעזער האָט קוים געשמייכלט.

„נו, פאַר אים איז נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן. ביי דער גרויסער וואַנט קומט ער נישט. ער האָט מורא. ס'איז כינע, איר פאַרשטייט? כינע מיט אירע שטרענגע געזעצן... ער טרייבט זיך אַרום מיט זיין באַנדע הינטער דער וואַנט, אין די מאנגאָלישע פּראָווינצן...“

קין-פאָ האָט ווייטער געפרעגט:

„און ווו געפינט ער זיך איצט, אַ שטייגער?“

„אין דער לעצטער צייט האָט מען אים געזען אין די ישובים פון טשינג-טאַנג-כאָ, וואָס ליגן נישט גאָר נאָענט פון דער גרויסער וואַנט.“

„ווי ווייט איז פו-נינג פון טשינג-טאַנג-כאָ?“

„נישט נאָענט, אָבער אויך נישט זייער ווייט.“

קין-פאָ האָט זיך רויק אָנגערופן:

„אויב אַזוי, וועט איר זיין אונדזער באַגלייטער.“

דער כינעזער האָט געפרעגט:

„ווילט איר, הייסט עס, איך זאָל אייך באַגלייטן צו דער גרויסער וואַנט.“

קין-פאָ האָט נאָך רויקער געזאָגט:

„ניין, איך וויל, איר זאָל מיך פירן צו לאַאָ-שען...“

דער כינעזער האָט זיך געמאַכט, ווי ער פאַרשטייט נישט,

און קין-פאָ האָט צוגעגעבן:

„איך פאַרזיכער אייך, אַז מען וועט אייך גוט באַצאָלן.“

דער באַגלייטער האָט אָבער אויפגעהייבן אַ פּאָר פרומע

אויגן און האָט גענומען מורמלען:

„צו דער וואַנט יאָ... מהיכא תיתי... אָבער ווייטער, –

לאַאָ-שען... דאָס נישט... איך וויל נישט ריזיקירן מיטן לעבן...“

קין-פאָ האָט שוין געשריען:

„אָבער מען וועט דאָך אייך באַצאָלן! און גוט באַצאָלן!

איר פאַרשטייט, וואָס מען רעדט צו אייך?“

דעמאָלט איז דער באַגלייטער געוואָרן זייער געהאָרכזאַם

און האָט גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ:

„נו, מילא, זאָל זיין אַזוי ווי איר ווילט... איר ווילט [illegible]

לאַאָ-שען, זאָל זיין צו לאַאָ-שען...“

געענדיקט מיטן באַגלייטער, האָט קין-פאָ זיך אָנגערופן צו

די אַגענטן:

„איך וויל אייך אויפמערקזאַם מאַכן: איר זענט נאָרנישט

מחויב צו גיין. מעגלעך, אַז עס איז באמת אַ ביסל געפערלעך...

איך קען אַליין גיין...“

קרעג האָט ערנסט געענטפערט:

„וווהין איר גייט...“

און פריי האָט באַלד פאַרענדיקט:

„דאָרט גייען מיר אויך!“

דער קליענט פון דער „Centenaire“ האָט נאָך אַלץ נישט

פאַרלאָרן דעם ווערט פון צוויי־הונדערט טויזנט דאָלאַר.

מיטן באַגלייטער האָט מען מער נישט געשמועסט. די זאַך

איז געווען באַשלאָסן. מען האָט גענומען מאַכן הכנות צו דער נסיעה. סונען האָט מען, נאַטירלעך, נישט געפרעגט, צי עס שמעקט אים אַזאַ מין נסיעה, צי נישט.

אינם קליינעם פו-נינג זענען קיין גוטע פאַרקערסמיטלען נישט געווען. עס זענען נישט געווען קיין קאַרעטן און קיין וועגנס. מאַכן באַקוועם אַ נסיעה אין פו-נינג האָט מען נישט געקענט. געוויינלעך איז מען געפאָרן אויף פערד, אויף מויל-אייזלען אָדער אויף קעמלען. און געפאָרן איז מען תמיד קאַראַוואַנעסווייז, ווייל מען האָט מורא געהאַט פאַר גזלנים און באַנדיטן. דער וועג איז קיינמאָל נישט געווען קיין זיכערער, און יעדער סוחר, וואָס האָט געפירט סחורה אין דידאָזיקע פראָווינצן, האָט ממש איינגעשטעלט מיטן לעבן.

קין-פאָ האָט איינגעקויפט פינף קעמלען, פּראָוויאַנט, געווער און די אַלע איבעריקע נייטיקע זאַכן, וואָס מען דאַרף האָבן אין וועג, ווי וועש, זייף און דאָסגלייכן און מען האָט זיך אָפּגעמאַכט מיטן באַגלייטער צו לאַאָ-שען.

אַרויסגעפאָרן איז מען צו האַלבן טאָג, און דער באַגלייטער האָט פאַרזיכערט די וועגלייט, אַז ער וועט זיי ברענגען צו דער גרויסער וואַנט נישט שפעטער, ווי צו האַלבע נאַכט. ביי דער גרויסער וואַנט, וועט מען זיך אויסרוען, און צומאָרגנס, אויב הער קין-פאָ וועט זיך איינשפאַרן און וועט דווקא וועלן פאָרן צו לאַאָ-שען, וועט מען איבערגיין בשלום די גרענעץ.

פו-נינג איז געלעגן אין אַ זאַמדיקן טאָל. דער ווינט האָט אויפגעהייבן דעם אויבערשטן דינעם זאַמד און געשאָטן מיט אים אין די אויגן. עס איז געווען אַ שווערער וועג. די קעמלען האָבן זיך געשלעפּט פּאַמעלעך און מען האָט זיי בשום אופן

נישט געקענט צויאָגן.

פּאָרויס איז געפאָרן דער באַגלייטער. אַ סאָלידער און אַן ערנסטער, און די צוויי אַגענטן איז אפילו אויפן דמיון נישט געקומען, אַז דערדאָזיקער פירער קען אַמאָל זיין אַ פּאַרפירער.

עס איז געווען הייס. דער אָנגעגליטער זאַמד האָט געבאַקט דאָס געזיכט, די הענט, די פיס. איין סון האָט זיך גוט געפילט. יבשה און קעמל—ביידע האָבן אים נישט אַזוי געשראָקן, ווי דער ים מיט באַיטאַנס מלבושים...

אויף די פעלדער האָבן געאַרבעט כינעזער. אומעטום האָט מען געזען אַן אויסגעבויגענע פלייצע און די הענט שטאַרק אַריינגעטאָן אין דער פראַצע. מאַנדזשורישע ווייבער, אין ברייטע לייכטע ראָז-ווייסע מלבושים, ווי זעק, האָבן געאַרבעט צוגלייך מיט די מאַנסלייט.

וו נישט ווו האָבן זיך געפּאַשעט סטאַדעס שעפסן, און שוואַרצע אָדלער האָבן הויך אַדורכגעשניטן די לופט.

קין-פּאָ האָט ערנסט געקוקט אויף די גרענעצן פון כינע. אָבער טיילמאָל איז אים אַלץ פאַרשטעלט געוואָרן פון די אויגן. מען איז געפאָרן אין געדיכטע וואָלקנס שטויב, וואָס האָט זיך אַריינגעגנבעט אין די לונגען, אין די אויערן, אין די אויגן, אין די נאָזלעכער.

די אַגענטן האָבן געשאָלטן דאָסדאָזיקע לאַנד, וואָס מאַכט נישט קיין שאָסייען און פירט נישט איין קיין באַנען.

„אַמעריקע...״—האָט קרעג געזאָגט.

„איז דאָס באַקוועמסטע לאַנד!״—האָט פריי באַלד פאַרענדיקט.

צוליבן שטויב און צוליב די שמאָלע וועגן ד-האָט מען נישט געקענט רעדן. מען איז געזעסן אויף די קעמלען און גע-

שווינגן. געשוויגן, ווי אַ שטיין האָט אויך דער באַגלייטער, וואָס איז געפאָרן פּאָרויס און זיכער. אויף אַ שיידוועג האָט ער זיך אויף קיין איין מינוט נישט געקווענקלט און האָט מיט אַ זיכע-רער האַנט געשיקט דעם קעמל פּאָרויס.

אָפּגעפאָרן אַ גרעסערע שטרעקע, האָט זיך קין-פּאַ שטאַרק אַריינגעלאָזט אין זיינע רעיונות. עס איז אים געווען קאַלעמוטנע און נאַריש אויף דער נשמה. צוליב אַ שטיקל פּאַפּירל, וואָס ער האָט אַמאָל, אין אַן אויפגערעגטער מינוט, געגעבן דעם פילאָזאָף איז זיין יונג לעבן געבליבן נאַריש הענגען אויף אַ האָר. דאָס מזל האָט זיך פון אים אָפּגעטאָן, און ער וואָגלט זיך אַרום אי-בער כינע, ווי דער לעצטער בעטלער.

איצט דאַרף ער זיך באַגעגענען מיט לאָאָ-שען, מיט דעמ-דאָזיקן רוצח, אַ מענטש אָן שום געוויסן, וואָס לעבט בלויז פון גזילה און רציחה. און ווי וועט עס זיין, אַ שטייגער, ווען ער, דערדאָזיקער, לאָאָ-שען, דער טייפּינג, וואָס זיצט, ווי אַ חיה אויף די אָפּגעלעגענע טראַקטן פון כינע, וועט דווקא נישט וועלן אָפּ-געבן דאָס פּאַפּירל און מען וועט מוזן פאַרפירן אַ קאַמף מיט אים—ווער קען דעמאָלט ערוב זיין פאַר זיין, קין-פּאָס, נצחון? און וואָס קען זיין נארישער און ווילדער, ווי אַוועקצולייגן דעם יונגן קאָפּ אויף די וויסטע פעלדער פון מאָנגאָליע, אונטער די רוצחישע הענט פונם טייפּינג? צי טוט ער באמת גוט, וואָס ער פאָרט איצט, אין אַזאַ היץ און אַזאַ געפערלעכן שטויב צו לאָאָ-שען?

ער האָט זיך דערמאַנט אין ליע-או און עס האָט אים פאַרקלעמט דאָס האַרץ. ווי לאַנג און ווי שווער ער ציט זיך צו אירע שטילע אינטימע חדרימלעך און קען זיי אַלץ נישט דער-גרייכן. אויף יעדן טריט און שריט—אַ מניעה, אַ שונא, אַ חלף

מיט אַ גרייטער האַנטבאַוועגונג אַריינצושטעקן אים גלייך אין זייט אַריין.

דער באַגלייטער האָט זיך פלוצלונג אויסגעדרייט מיטן פנים פון זיין קעמל און זיך אָנגערופן צו די וועגלייט:

„איך מיין, אַז מען דאַרף זיך אָפרוען און עפעס נעמען אין מויל אַריין."

„און נאָכדעם?"—האָט קין פאַ געפרעגט.

„נו, און נאָכדעם ווידער אין וועג אַריין."

„עס וועט דאָך אָבער זיין פינסטער? דער וועג איז דאָך נישט קיין לייכטער..."

דער באַגלייטער האָט ערנסט געזאָגט:

„שרעקט אייך נישט. איך קען גוט דעם וועג. מיט אונדז וועט קיין שום שלעכטס נישט געשען. און די קעמלען מעגן זיך אויך אַ ביסל אויסרוען."

קין-פאַ האָט נאָכגעגעבן.

„גוט,"—האָט ער געזאָגט.—לאָמיר זיך אָפרוען."

ביים וועג איז געשטאַנען אַ ליידיק, האַלב-איינגעפאַלן הייזל. דערביי, נישט ווייט, האָט זיך געשלענגלט אַ שמאָל טייכעלע. די קעמלען האָבן זיך באַלד אָנגעטרונקען. קין-פאַ מיט זיינע לייט זענען אַריין אין הייזל און מען האָט דאָרט צוגעביסן. דער באַגלייטער איז אויך אַריין אין הייזל. קין-פאַ האָט אים געפרעגט, צי ער קען פערזענלעך לאַאָ-שענען, צי האָט ער אַמאָל געהאַט עפעס אַ געשעפט צו אים. דער באַגלייטער האָט בלויז אַ מרוקע געטאָן, ווי אַ מענטש, וואָס וויל קיין סך נישט רעדן וועגן דעם.

שפעטער האָט ער געזאָגט:

„לאַאָ-שען אַליין קומט דאָ נישט אויף דערדאָזיקער ערד,

אָבער זיינע טייפּינגס קומען דאָ יאָ אַמאָל... איך וועל נישט זאָגן, אַז אַ באַגעגעניש מיט זיי געהערט צו די אַנגענעמע זאַכן... ביי זיי איז באַלד אויפן אָרט: טויט און בלוט!.. אָפּגעהיטען זאָל מען ווערן פון זיי! אָ, בודאַ!"

דער באַגלייטער ד־האָט גערעדט און קין־פאָ האָט זיך שטאַרק צוגעהערט. קרעג און פריי האָבן זיך איבערגעקוקט מיט קורצע אַגענטישע בליקן.

„אייגענטלעך, פאַרוואָס זאָלן מיר נישט איבערנעכטיקן?" — האָט קרעג געפרעגט.

„דאָ, אין אָט דער חורבה?" — האָט זיך דער באַגלייטער געחידושט. — „אויב איר האָט אין זינען די טייפּינגס, איז דאָך גלייכער זיך צו ראַנגלען מיט זיי אויף אַן אָפענעם פעלד, איי־דער אין אַן ענגן קברל... ווי מיינט איר?"

נאָר דאָ האָט זיך פּלוצלונג אָנגערופן קין־פאָ מיט אַ שאַרפן טאָן:

„מען האָט געשמועסט, אַז מען זאָל היינט בייַנאַכט זיין ביי דער גרויסער וואַנט. איך וויל פון גאָרנישט וויסן! מיר דאַרפן זיין ביי דער וואַנט!"

אַלע האָבן געשוויגן. די אַגענטן האָבן אַ קוק געטאָן אויפן זייגער. דער באַגלייטער האָט געגעבן אַ צייכן, מען זאָל אַרויס־פאָרן. די אַגענטן האָבן זיך איבערגעקוקט און געפרעגט קין־פאָ אויף ענגליש:

„ווילט איר אייך דורכאויס אָפּגעבן אין לאָאָ־שענס הענט?" קין־פאָ האָט געענטפערט:

„איך וויל אָבער אַרויסבאַקומען דאָס פאַרשאָלטענע פּאַ־פּירל?"

די אַגענטן האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ.

„מען קען דאָך אָבער אַזוי נישט האַנדלען," — האָבן זיי

געזאָגט. — „עס איז דאָך געפערלעך! מיר זענען נישט פון די שרעקעוודיקע, אָבער מען דאַרף וויסן, ווי צו קעמפן מיט אַ געפאַר."

קין-פאָ איז געווען בייז און האָט כמעט אַליין נישט גע-הערט, וואָס ער רעדט.

„איך טו, ווי מיר געפעלט!" — האָט ער געזאָגט. — „און איר זענט פריי! צו וואָס זאָלט איר איצט באמת ריזיקירן מיטן לעבן?"

קרעג האָט זיך אָנגערופן:

„און איך זאָג אייך, מען זאָל דאָ איבערוואַרטן ביז מאָרגן פרי."

קין-פאָ האָט אָבער נישט געוואָלט מער רעדן וועגן דעם. ער האָט נאָר צוגעוואָרפן מיט כעס:

„לאַאָ-שען וועט מאָרגן אויך זיין אַזוי געפערלעך, ווי היינט. עס האָט קיין שום זין נישט צו וואַרטן!"

„נו, מילא, פאָרן מיר!" — האָבן די אַגענטן נאָכגעגעבן.

דער באַגלייטער האָט נישט פאַרשטאַנען קיין ענגליש. ער האָט אָבער געזען, אַז די צוויי מענטשן, קרעג און פריי, האָבן צו אים ווייניקער צוטרוי, ווי קין-פאָ. און בשעת דער שאַנכאַיער עושר האָט זיך אַרויפגעזעצט אויפן קעמל און דער באַגלייטער האָט אים צוגעהאָלפן, האָט דער לעצטער אַ שעפּ-טשע געטאָן דעם ערשטן אויפן אויער:

„היט אייך פאַר אייערע צוויי מענטשן."

קין-פאָ האָט געשטוינט מיט ברייט אויפגעריסענע אויגן. ער האָט אים געוואָלט אַ פרעג טאָן, למאַי האָט ער זיך צו שרעקן פאַר זיינע צוויי מענטשן, אָבער דער באַגלייטער האָט אים געגעבן אַ צייכן, ער זאָל שווייגן. מען איז, איבעריקנס, באַלד אַרויסגעטראָטן אין וועג.

קין־פאָ איז געזעסן אויפן קעמל מיט צעמישטע רעיונות. ער האָט נישט געוווסט, וואָס ער זאָל טראַכטן. עס איז דאָך פשוט ווילד און משוגע, אַז דער צוטרוי צו די צוויי טרייע אויסגעפּרוווטע אַגענטן זאָל זיך אים מיטאַמאָל אויסלעשן אין דער נשמה צוליב דעם, וואָס דער באַגלייטער האָט אים דאָרט עפּעס אַ שעפּטשע געטאָן אין אויער. פון דער אַנדערער זייט אָבער איז אויך געווען גענוג ווילד און משוגע, וואָס די אַגענטן האָבן אים צוגערעדט, ער זאָל בײַנאַכט נישט אַרויספאָרן אין וועג. שוין־זשע האָבן זיי געהאַט עפּעס אַ פאַלשע פאַרעטערי־שע כוונה דערבײַ?

ער איז געזעסן אויפן קעמל און געטראַכט און געבראָכן דעם מוח און האָט זיך געפילט אַזוי שלעכט, פונקט ווי ער וואָלט געהאַט היץ...

די גרופּע איז שטיל געפאָרן פאָרויס. די צייט האָט זיך אָבער אַזוי פייגלעך געשלעפּט, ווי די קעמלען און די קעמלען, ווי די צייט. עפּעס אַן אומרויקייט איז געפאַלן אויפן האַרץ פון די פאָרער.

צו האַלבער נאַכט האָט זיי דער באַגלייטער אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף אַ צעצוויגענער ליניע. מען האָט זי גע־קענט זען פונדערווייטנס, ווייל עס האָט שוין אָנגעהייבן צו טאָגן.

דער באַגלייטער האָט געזאָגט:

„דאָס איז די גרויסע וואַנט!"

קין־פאָ האָט געפרעגט:

„אָבער מיר גייען דאָך איצט צו איר?"

„נו, געוויס," — האָט דער באַגלייטער געזאָגט. — „אָבער איך מוז פריער זען דעם וועג. דאָ זענען פאַראַן גריבער און לעכער."

ער איז אַראָפּ פון קעמל, האָט אָנגעצונדן אַ לאַמטערנע און איז ערגעץ אַוועק מיט אַ געבויגענעם קאָפּ צו דער ערד.

די וועגלייט זענען געבליבן שטיין, וואַרטנדיק אויפן באַגלייטער. די אַנדערע זענען צוגעגאַנגען צו קין-פּאָ.

„הער קין...״—האָט קרעג געזאָגט.

„פּאָ!״—האָט פריי פאַרענדיקט.

דער שאַנכאַיער עושר האָט באַמערקט:

„זאָל איצט איינער רעדן. איך וויל איינעם אויסהערן.״

קרעג האָט געזאָגט:

„אויב אַזוי, וועל א י ך...״

„רעדן!״—האָט פריי באַלד פאַרענדיקט.

קרעג האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און געזאָגט:

„מיין ליבער פריי, דאָסמאָל האַלט דיך איין און לאָז מיר אַליין רעדן.״

„געמאַכט, איך וועל שווייגן,״—האָט פריי גוטמוטיק איינגעשטימט.

קרעג האָט אָנגעהויבן:

„הער קין-פּאָ, אַנערקענט איר, אַז מיר האָבן אייך [illegible] און ערלעך געדינט די גאַנצע צוויי חדשים?״

קין-פּאָ האָט געענטפערט:

„איך אַנערקען עס מיט אַלע מיינע חושים! איך קען עס באַשטעטיקן צו יעדער צייט.״

„אויב אַזוי, טאָ זייט אַזוי גוט און גיט אונדז אַרויס אַ באַשטעטיקונג אויף אַ פּאַפּיר.״

מיט דידאָזיקע ווערטער האָט ער אויסגעריסן אַ בלאַט פון זיין נאָטיץ-ביכעלע און געזאָגט:

„אָט האָט איר אייגנטלעך אַ פאַרטיקע באַשטעטיקונג. איר דאַרפט זי נאָר אונטערשרייבן.״

„צו וואָס באַדאַרפט איר עס?"

„איך באַדאַרף עס פאַרן דירעקטאָר."

„מיר זענען מענטשן אויף אַ שטעלע," — האָט פריי זיך פאַרט אַריינגעמישט. — „מיר מוזן האָבן אַ באַווייז פון אונדזער גוטער אַרבעט.

קרעג האָט באַלד אויסגעבויגט די פלייצע און געזאָגט:

„אָט האָט איר אַ גוטן טיש, הער קין-פאָ. מיין חבר פריי גיט אייך טינט און פעדער און שרייבט אונדז אונטער די באַשטעטיקונג."

קין-פאָ האָט זיך צעלאַכט און האָט אונטערגעשריבן דאָס פּאַפּיר.

אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער געפרעגט:

„צו וואָס אייגנטלעך איז אייך פלוצלונג איינגעפאַלן, איך זאָל אייך איצט אַרויסגעבן אַ באַשטעטיקונג?"

דאָסמאָל האָט פריי נישט פאַרענדיקט קרעגס ווערטער, נאָר אַליין זעלבשטענדיק געענטפערט:

„גאָר פשוט, ווייל מיר ווילן אייך ווייטער נישט באַגלייטן.

און קרעג האָט צוגעגעבן:

„איר פאַרשטייט? באַלד איז האַלבע נאַכט..."

קרעג האָט ווידעראַמאָל געזאָגט:

„איר פאַרלירט דעם אינטערעס פאַר דער אַסעקוראַנץ-געזעלשאַפט..."

און פריי האָט אונטערגעכאַפּט:

„אין עטלעכע מינוט אַרום ענדיקט זיך דער טערמין... איר פאַרשטייט?"

קרעג האָט געשמייכלט:

„איר קענט אייך אפילו באַגיין זעלבסטמאָרד..."

און פריי האָט אונטערגעכאַפּט:

„אויסטרינקען סם... אָדער אונטערשטעלן דעם קאָפּ, אַז עמעצער זאָל אים אַראָפּהאַקן... פאַר דער אַסעקוראַנץ־געזעלשאַפט איז עס שוין נישט וויכטיק..."

קין־פאָ האָט אַזוי ווי גאָרנישט פאַרשטאַנען, וואָס זיי האָבן גערעדט צו אים. ער האָט געקוקט אויף די אַגענטן, און האָט נישט געוווסט, צי דאַרף ער זיך באַליידיקן, צי נישט. דורך עטלעכע באַגינענדיקע וואָלקן־לאַטעס האָט זיך אַרויסגעריסן די לבנה און האָט פאַרגאָסן די פעלדער מיט שטרענגן ליכט.

פריי האָט זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט:

„די לבנה!"

און קרעג האָט אויסגעשריען:

„היינט איז דער 30־סטער יוני!.."

„אונדזער אַרבעט האָט זיך געענדיקט, הער קין־פאָ!"

„איר זענט שוין נישט מער אונדזער קליענט... די Cente= naire האָט אייך אויסגעשטראָכן פון אירע צאָלביכער..."

אוןביידע אַגענטן האָבן פּלוצלונג, ווי איין מענטש אויס־געשטרעקט די האַנט צום מבולבלן שאַנכאַיער עושר.

„זענט מיר געזונט!"—האָט קרעג געזאָגט.

„אַ גוטע נאַכט!"—האָט פריי פאַרענדיקט.

און ביידע האָבן זיך שנעל אויסגעדרייט אויף זייערע קעמ־לען און מיט לאַנגע ווילדע שאָטנס אויף דער ערד פאַרשוווּנדן געוואָרן אין דעם בלאַס־לבנהדיקן פאַרטאָג...

קין־פאָ איז געבליבן שטיין אַן איינזאַמער מיט צעמישטע רעיונות אין קאָפּ. נישט ווייט פון אים איז געשטאַנען סון, אַן אויסגעבויגענער, בעקראַצט זיך דעם קאָפּ און שטיל געוואָיעט, ווי אַ קליין הינטל, וואָס מען שטיקט עס ביים האַלדז...

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און דער באַגלייטער איז

צוריק געקומען מיט אַ גרופּע רייטער, וואָס זענען ווי די הוישע־ריקן באַפאַלן דעם שאַנכאַיער עושר...

קין־פאָ האָט זיך נישט געראנגלט. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן און האָט געפילט ווי מען בינדט אים. ער האָט געהערט, ווי מען טוט דאָס אייגענע מיט סונען, וואָס האָט אַלץ אין איין קול געשריען:

„אַי־אַי־אַי, טאַטעניו, מיין ווייסטער סוף איז שוין געקומען! גזלנים זענען אונדז באַפאַלן! אַי־אַי־אַי!"

סון האָט אָבער לאַנג נישט געשריען: מען האָט אים, אַפּנים, פאַרשטאָפּט דאָס מויל מיט אַ שמאַטקע.

אין אַ שעה אַרום האָט מען זיי אַריינגעפירט אין אַ פינסטערן צימער אין איינעם פון די באַסטיאָנען פון דער גרויסער וואַנט. קין־פאָ האָט געהערט, ווי מען פאַרריגלט מיט שווערע אייזנס די טיר הינטער אים.

## א קאַפּיטל, וואָס דער לעזער אליין

## וואָלט עס געקענט אָנשרייבן — אַזוי

## פּשוט ענדיקט זיך עס.

אָבער קודם אַ פּאָר ווערטער וועגן דער גרויסער וואַנט, וואָס איז דאָ עפּטער דערמאָנט געוואָרן.

די גרויסע וואַנט, דאָס הייסט די פעסטונג פון דער כינעזישער מלוכה, איז לאַנג פירהונדערט קילאָמעטער און געבויט האָט זי אין דריטן יאָרהונדערט דער כינעזישער מלך טיזי-טשי-כואַן-טי. אין דער וואַנט זענען פאַראַן באַסטיאָנען און טורעמס, וואָס זענען פופציק פוס די הויך און צוואַנציק פוס די ברייט, מיט אַ פונדאַמענט פון גראַניט און אויבן אויסגעלייגט מיט ציגל. די גרויסע וואַנט האָט אָבער לאַנג שוין פאַרלאָרן דעם ווערט פון אַ פעסטונג. אין אַ מאָדערנער מלחמה קען זי קיין שום שוץ נישט זיין פאַר דער הימלישער אימפּעריע, און מען רעכנט זיך נישט מיט איר. איצט שטייט זי בלויז ווי אַ זכר פון אַלטע צייטן, פון יענע מוראדיקע צייטן; ווען כינע, אַרומגערינגלט פון שונאים, האָט זיך געמוזט אויסבויען אַ פעסטונג פון פירהונדערט קילאָמעטער די לענג און אָפּצוימען זיך אַרום און אָפּגרענעצן פון דער גאַנצער וועלט.

נאָך אַ שווערער נאַכט, וואָס קין-פאָ מיטן שלאַק האָבן פאַר-

בראכט אינם פינסטערן באסטיאן-צימער, ווו מען איז געלעגן אויף נאסן שטרוי און געלאזט גרויסע שטשורעס טאנצן איבער זיך, האט מען זיי אינדערפרי ארויסגעפירט פון דערדאזיקער תּפיסה. עס זענען געקומען צוועלף מאן פון לאא-שענס באנדע און מען האט זיי אוועקגעפירט.

קין-פאָ האט די גאנצע צייט געשוויגן, כאטש עס האט אים שטארק געוויינט דאס הארץ. „אז מען טוט איינמאל א גרויסע נארישקייט, איז מען פארפאלן מיטן גאנצן לעבן,"—האט ער געטראכט. — „איך האב געטאן די גרעסטע נארישקייט אין דער וועלט און דעריבער האב איך אלץ פארשפילט. איך קען מיך אפילו נישט ראנגלען."

מען האט זיי געפירט דורך זאמדיקע וועגן און שטעגן, וואס זענען געלאפן און זיך געשלענגלט איבער הויכע וויסטע מאנגאלישע בערג. מען האט זיי געפירט שטום, אן ווערטער, ווי ארעסטאנטן. דער באגלייטער פון פו-נינג איז ערגעץ נעלם געווארן.

אין עטלעכע שעה ארום איז מען געקומען צו א קליין חורבהלע, וואס איז געלעגן פארשטעקט צווישן די בערג. דאסדאזיקע חורבהלע איז, קענטיק, אמאל, מיט הונדערטער יארן צוריק, געווען א כינעזיש שולכל. היינט איז עס געווען א נעסט פאר טראקט-גזלנים און געפערלעכע באנדיטן.

קין-פאָ האט זיך ארומגעקוקט. לעבן אים איז געשטאנען סון און האט אים שטארק דענערווירט מיט זיין פּחדנות, מיט זיין קליין צאפלדיק נאריש הערצל. זיינע ארויסגעשפארטע אויגן האבן אויסגעזען ווי די צוויי מאטע גלעזלעך: דער מענטש, האט זיך געדאכט, וועט באלד אוועקשטארבן פון פּחד.

אינם חורבלע איז געווען גרא, אומעטיק, הייס און דושנע.

קין-פּאָ האָט זיך אָנגערופן צו דעם ערשטן פון די פּי-רער:

„איך וויל זען לאַאָ-שענען.“

יענער האָט געענטפערט:

„אַ ביסל מער געדולט.“

מען האָט זיי באַלד אַרויסגעפירט פונם חורבהלע און זיך אויפגעהייבן העכער אויפן באַרג.

אומעטום זענען געשטאַנען שטאַרק באַוואָפנטע כינעזער מיט פאַרווינטיקטע פנימער פון ווילדע רוצחים און באַנדיטן. קין-פּאָ איז שווייגנדיק געגאַנגען פאָרויס. סונען האָט מען געמוזט שלאָגן, אָנישט, האָט ער קיין איין טריט נישט געמאַכט.

אין דער וואַנט פון באַרג האָבן זיך מיטאַמאָל אויפגעמאַכט צוויי הויכע ברייטע טירן. קין-פּאָ איז אַריין אין אַ מין פּאַר-הויז און פון דאָרט — אין אַן אונטערערדישן זאַל...

ברייטע דיקע טעפּיכער האָבן פאַרהאָנגען די ווענט. אויף פיין געדעקטע טישן זענען געלעגן שטיקער גאָלד און זילבער און קרישטאָל. דורך געהיימע עפענונגען אין סופיט האָט אַריינ-געבליצט דער טאָג.

עס איז געווען אַ משונה גרויסער זאַל. אין די ווינקלען זענען געזעסן באַוואָפנטע מענטשן. אין דער לופט האָט זיך גע-שפּירט דער ריח פון שטאַרקע און שאַרפע משקאות.

אַ הויכער ברייטער מענטש איז אַרויס פון אַ זייטיקער טיר. די באַוואָפנטע האָבן זיך אויפגעהייבן פון זייערע ערטער. די גזלנישע פנימער האָבן אויסגעדריקט הכנעה און דרך ארץ.

דער הויכער מענטש האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ גע-שניצטן שטול אינמיטן זאַל. ער האָט אויפגעהייבן אַ פּאָר שווערע קלוגע אויגן אויפן שאַנכאַיער עושר און געזאָגט:

„קין-פאָ, איר קענט רעדן. וואָס, אַ שטייגער, ווילט איר זאָגן ?"

קין-פאָ האָט פאַרשטאַנען, אַז דער הויכער מאַן איז לאַאָ-שען און דאָס האַרץ האָט אים גענומען קלאַפּן. ער האָט זיך אָבער געשטאַרקט, אויפגעהייבן דעם קאָפּ, געמאַכט אַ פּאָר טריט צו דעם באַרימטן טייפּינג און אויסערלעך רויק געזאָגט:

לאַאָ-שען, איר האָט מיין בריוו... גיט מיר אים אַוועק. דאָס איז מיין בלוטיקע בקשה."

דער טייפּינג איז געזעסן אויף זיין אָרט האַרט און מעכ-סיק, אָן שום באַוועגונג, פּונקט ווי קין-פאָס ווערטער וואָלטן צו אים נישט דערגאַנגען.

קין-פאָ האָט ווידער זיך אָנגערופן:

„לאַאָ-שען, איך מיין נישט בחינם... איך וועל אייך אַרויס-געבן אַ טשעק צו אַ באַנקיר, צו וועלכן איר וועט וועלן און אין וועלכער שטאָט איר וועט ווען. איך באַצאָל אייך פאַרן בריוו און לאָמיר פאַרענדיקן מיט דעמדאָזיקן נאַרישן עסק. איך האָב שוין מער קיין כוח נישט צו דעם."

לאַאָ-שען איז געזעסן, ווי אַ סטאַטוע און געשוויגן. ער האָט געקוקט מיט שווערע בליקן אויף קין-פאָ.

אַן אויפגערעגטער, האָט קין-פאָ זיך דערנענט צום טייפּינג אויף נאָך אַ טריט און ווידעראַמאָל געזאָגט:

„לאַאָ-שען, איר קריגט פינפטויזנט טאַעלעס!"

און באַלד דערויף האָט ער געהעכערט:

„צענטויזנט טאַעלעס!"

אין אַ ווייַלע אַרום:

„צוואַנציקטויזנט!"

„דרייסיקטויזנט!"

„לאַאָ-שען!"

דער טייפינג האָט פּלוצלונג אַ טרייב געטאָן די לופט אַרום זיך מיט אַ ברייטער האַנט און האַרב געזאָגט:

„איך וויל נישט קיין געלט! איך ברויך עס נישט! קין-פּאָ, איר האָט בודאַן געלעסטערט: איר האָט געשריבן צעטעלעך אויף אייער לעבן! וואָס זאָגט בודאַ דערויף? בודאַ הייסט זיך נוקם זיין אין אייך. אַזוינע צעטעלעך שרייבט אַ מענטש, וואָס וואַרפט אָפּ בודאַס געזעצן. דאָס איז די גרעסטע עבירה, קין-פּאָ.”

אויסגעהערט דעם טייפּינג, האָט אים קין-פּאָ געוואָלט עפּעס ענטפערן, אָבער אויפן ווונק פון לאַאָ-שען, האָט מען אים באַלד אַרומגערינגלט, געבונדן און אַריינגעוואָרפן אין אַ פינסטערן צימערל. פאַלנדיק אויף דער האַרטער פּאָדלאָגע, האָט ער געהערט, ווי סון חייבט און שרייט און ווי מען פּאַסעוועט אים דאָס לייב אָן רחמנות. די אַלטע אַפּאַטיע האָט אים ווידעראַמאָל באַרירט דאָס האַרץ, אָבער נישט אויף לאַנג.

ס׳איז מיר אַלצאיינס,” — האָט ער זיך געפּרוווט באַרויקן, אָבער ער האָט געוואָלט לעבן.

אַ מידער, האָט ער באַלד איינגעדרעמלט. ער האָט נישט געוווסט, ווי לאַנג ער האָט געשלאָפן. אויפגעכאַפּט האָט ער זיך אין אַ מין שטייג, וואָס האָט זיך באַוועגט. ער האָט דערהערט דעם גאַנג פון כוואַליעס, אַ קלאַפּן פון קייטן און שווערע טריט פון מאַטראָזן.

„ווו בין איך?”—האָט ער זיך געפרעגט.—„און וווהין פירט מען מיך?”

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז די טייפּינגס טויטן קיינמאָל נישט קורץ און פּשוט. זיי האָבן ליב פריער צו מוטשען מיט די שרעקלעכסטע יסורים און אויף אַ קונציקן אופן פאַרציען זיי דעם טויט אויף גאַנצע וואָכן און אַפילו חדשים.

אפשר הייבן זיך אָן זיינע לאַנגע טויט-יסורים?

ער האָט געוואָלט לעבן און האָט זיך דערמאָנט אין דער יונגער אַלמנה, אין אירע ווייכע אָרעמס, אין דעם צאַרטן ריח פון איר לייב, אין די שטילע אינטימע צימערלעך, ווו דאָס האַרץ גיסט זיך אָן מיט ליבע און גלוסטונג, און ער האָט גע-וואָלט שרייען פון פיין און פון ווייטאָג. וואָס האָבן זיי צו זיין לעבן, די טייפינגס? פאַרוואָס איז קיינער אַזוי נישט אומגליק-לעך, ווי ער? און פאַרוואָס האָט ער אַזוי לייכט אַוועקגעלאָזט די אַגענטן, וואָס האָבן אים אַזוי טריי געדינט? זיי, דידאָזיקע שדים, וואָלטן דאָך זיכער געפונען עפּעס אַ תרופה צו דער לאַ-גע. אמת, זייער טערמין האָט זיך שוין געענדיקט, אָבער פאַר געלט האָט מען דאָך געקענט ביי זיי פועלן, זיי זאָלן ווייטער דינען ביז אַ געוויסער צייט — ביז ער וועט זיך, לאָמיר זאָגן, אומקערן קיין פּעקין...

ער איז געלעגן און געבראָכן דעם מוח און זיך נודנע געוויגט אין זיין שטייגל און אַ שוואַרצע מחשבה האָט אים אַלץ אונטערגעזאָגט, אַז דאָס איז דער סוף...

עס איז געווען טאָג און עס איז געווען נאַכט, און עס איז ווידער געווען טאָג, און דאָס שטייגל האָט זיך אַלץ גע-וויגט איבערן וואַסער. און נאָכדעם איז איבערגעלאָפן נאָך אַ טאָג און נאָך אַ נאַכט און דאָס שטייגל האָט זיך מער נישט געוויגט. עס איז געשטאַנען אויף איין אָרט.

קין-פאָ האָט זיך אַרומגעקוקט. ער האָט געוואָלט טרעפן, צי ער שטייט אויפן וואַסער, צי אויף דער יבשה, אָבער ער האָט גאָרנישט געזען און מען האָט עס נישט געקענט וויסן.

און אָט האָט זיך געעפנט די טיר פון שטייגל. צוויי שטאַרקע הענט האָבן אים אַ כאַפּ געטאָן ביים אָרעם און עמעץ האָט אים אַרויפגעוואָרפן אַ שוואַרץ טיכל אויף די אויגן און די

עקן שטייף פֿאַרבונדן ביי דער פּאַטילניצע. מען האָט אים גע־
פּירט און ער איז געגאַנגען. ער האָט זיך נישט געווערט.
ער האָט געוווּסט, אַז ער איז אומבאַהאָלפֿן קעגן לאָ־שענס
מאַכט.

ער האָט אָבער גאַנץ מוטיק זיך אָנגערופֿן צו זיינע פֿירער:

„איך ווייס, אַז איך וועל מיך פֿון אייערע הענט שוין
נישט אַרויסדרייען. איר קענט טאָן מיט מיר, וואָס איר ווילט.
אָבער צו וואָס האָט איר מיר פֿאַרבונדן די אויגן? איך געהער
נישט צו די, וואָס שרעקן זיך פֿאַרן טויט און איך קען אים
באַגעגענען מיט אָפֿענע אויגן... נאָכמער: דער טויט איז איצט
מיין דערלייזער!...״

די פֿירער האָבן אים נישט געענטפֿערט, אָבער אַז מען
האָט אים ערגעץ אַריינגעפֿירט און ער האָט באַדאַרפֿט בלינדער־
הייט איבערטרעטן אַן אומבעקאַנטע שוועל, האָט זיך עמעץ פּלוצ־
לונג אָנגערופֿן:

„גוט, זאָל זיין אַזוי! בינדט אים אָפּ די אויגן!״

דאָס שוואַרצע טיכל איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון די אויגן און
קין־פּאָ איז געבליבן שטיין, ווי אַ צוגעשמידטער צו דער ערד.
דער מוח האָט זיך אים מיטאַמאָל איבערגעקערט און ער האָט אויס־
געשטעלט אַ פּאָר גלעזערנע אויגן פֿון אַ משוגענעם.

וואָס איז געשען? וואָס זעען זיינע גלעזערנע אויגן? איז
עס אַ חלום אָדער משוגעת פֿון פּחד און אַנגסט...

זיינע גלעזערנע אויגן האָבן געזען וואַנגען, דעם אַלטן
מורד, טייפּינג און פֿילאָזאָף, און און־פֿאַנג, כּואַל, שאַאָ־שענג, טים,
אַלק גוטע פֿריינט און חברים, וועלכער ער האָט פֿריער, מיט אַ
פּאָר חדשים צוריק מכבד געווען אויף אַ פּרעכטיקער שיף, אויפֿן
פּרעכטיקן פֿערלטייך, מכבד געווען מיט כל טוב און מען האָט
גוט פֿאַרבראַכט אַ טאָג צייט. ער האָט זיך דעמאָלט צעזעגנט מיט

זיינע בחורשע יאָרן, ערב דער חתונה מיט ליע־או...

דידאָזיקע גוטע פריינט און חברים זענען איצט געזעסן אויסגעפוצט, ווי דעמאָלט, מעשה כינעזישע שררות, ביים לאַנגן שיין געדעקטן טיש, און ווו דאָס אויג איז געפאַלן, האָט עס געזען בלויז שמייכלענדיקע בלומען, ווייסע, רויטע, בלויע...

קין־פאָ האָט זיך איבערגעווישט די אויגן, דעם שטערן און האָט מיטאַמאָל דערקענט דאָס אויפנאַם־צימער פון זיין פאַלאַץ אין שאַנכאַי...

„וואַנג!" — האָט ער אַ געשריי געטאָן און איז אַלץ געשטאַנען, זיך נישט געקענט רירן פון אָרט.—וואַנג! וואַנג! זאָג, דאָס איז חלום, צי משוגעת?"

און וואַנג האָט געשמייכלט.

ער האָט זיך אויפגעהייבן פון טיש און איז מיט אויפגעהייבענע הענט צוגעגאַנגען צו קין־פאָ.

„ניין, מיין טייערער," — האָט ער געזאָגט. — „דאָס איז נישט קיין חלום און נישט קיין משוגעת, נאָר וואָר, מיין טייערער, ריינער ליכטיקער, אמתער וואָר...

און קין־פאָ האָט געשטאַמלט מיט אָנגעלאָפענע טרערן אויף די אויגן:

„דאָס איז וואָר, זאָגסטו?"

און וואַנג האָט אים אַרומגענומען און געזאָגט:

„וואָר! וואָר! דערמיט, מיט דעמדאָזיקן בילד, מיט דידאָזיקע מענטשן, וואָס זענען אונדזערע פריינט און חברים, האָט זיך געענדיקט די שווערע לעקציע, וואָס דער אַלטער פילאָזאָף האָט דיר געגעבן. דער אַלטער פילאָזאָף האָט זיך נישט געשפּילט, בשעת ער האָט געלערנט. ער האָט עס געמאַכט ערנסט. ער האָט דיך געצוואונגען צו פאַרזוכן פון נויט און פּיין, פון צער און אַנגסט, פון יסורים און פחד... דערעיקרשט—פון פחד. דער פחד פאַרן

ויט און דער פּחד זיך צו שיידן מיטן לעבן... איך האָב דיר געגעבן צו פֿאַרזוכן כמעט פֿון אַלע יסורים, וואָס זענען דאָ אויף דער וועלט. דיין לעבן איז געהאָנגען אויף אַ האָר און איך האָב דיך אַרויפֿגעזעצט אויף דער דאַרער פֿאַרבלאָטיקטער קלאַטשע, וואָס הייסט שלים-מזל... דער שלים-מזל האָט דיך געפֿירט און ער האָט דיר געגעבן גוט פֿעפֿער צו שמעקן... ער האָט דיר פֿינ-סטער געמאַכט דיינע וועגן און שטעגן, און האָט צעשטערט דיי-נע האָפֿענונגען, דיינע פּלענער, דיינע אונטערנעמונגען... פֿון אַלץ, צו וואָס דו האָסט דיך געכאַפּט, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בוידעם, אַ באַרג אַש... ערשט דעמאָלט האָסטו אָנגעהייבן בענ-קען נאָך מזל, נאָך גליק, נאָך ליבע... אין דיין בלוט איז צוויי-געפֿאַלן די ליידנשאַפֿט, דיינע באַוועגונגען האָבן זיך באַקענט מיט אימפּעט, דיין גוף איז אָנגעפֿילט געוואָרן מיט ענערגיע און דער עיקר — דו האָסט פֿאַרשטאַנען דעם טעם פֿון לעבן... און דו האָסט געוואָלט לעבן! נאָכמער: דו האָסט געוואָלט אויך ליבן. אין דיין נשמה האָט זיך צום ערשטן מאָל הייס אַריינגעזעצט די יונגע רייצנדיקע ליע-או... איצט האָסטו איר וואָס צו געבן, מיין טייערער, וואָרים דו האָסט אַ פֿול האַרץ...״

דער אַלטער מורד האָט אַ ווײַלע אָפּגעצויגן דעם אָטעם און האָט ווייטער געזאָגט:

„יאָ, קין-פּאָ, מעגלעך׳ אַז איך האָב געהאַנדלט, ווי אַן אַכזר, ווי אַ גזלן, ווי אַ מענטש אָן אַ האַרץ, אָבער דערפֿאַר האָב איך גוט און ערלעך דורכגעפֿירט מיין לעקציע. און איך בין זיכער, אַז דו וועסט מיר דאָס גאַנצע לעבן דאַנקען פֿאַר אָט דער שווערער לעקציע, ווייל דורך איר האָסטו אויף שטענ-דיק דערקענט דעם רייץ און גלאַנץ פֿון לעבן. רייכער פֿאַרן לעבן איז מער גאָרנישטאָ אויף דער וועלט!״

די געסט האָבן זיך גענומען קושן, אין זאַל האָט געקלונגען

פון שמחה און געלעכטער. קין-פּאָ האָט זיך ווײַלעווײַז געכאַפּט פאַרן קאָפּ און זיך געסטאַרעט אײַנצוחזרן, אַז דאָס איז נישט קײן חלום, נאָר וואָר. ער איז אַרומגעשפּרונגען אין זאַל און האָט כּסדר געדריקט יעדן אײנעם צום האַרצן.

פּלוצלונג האָט ער זיך אָנגערופן צו וואַנגען:

„אָבער ווו איז דאָס פאַרשאָלטענע נאַרישע פּאַפּירל, וואָס איך האָב דיר אַרויסגעגעבן? גיב עס מיר אַהער! אַנישט, וועל איך מיך נישט באַרויקן!"

דער מורד האָט זיך ווידעראַמאָל הויך צעלאַכט.

„זעט איר,"—האָט ער אַ זאָג געטאָן צו זײַנע פרײַנט,—„ווי ער וויל לעבן, ווי ער שרעקט זיך פאַר דער קלענסטער שטרויכלונג און מניעה! ס'איז שוין נישט דער אײגענער קין-פּאָ מיט דער אַפּאַטישער, האַלב אָפּגעשטאָרבענער נשמה..."

„אָבער..."—האָט אים קין-פּאָ איבערגעשלאָגן.

„וואָס אָבער?"—האָט דער פילאָזאָף געפרעגט.

„דאָס פּאַפּירל! גיב עס מיר צוריק."

„איך האָב עס נישט..."

„וואָס הײסט?"

„איך האָב עס אַוועקגעגעבן..."

„אַוועקגעגעבן?"

קין-פּאָ האָט זיך אָנגעכאַפּט בײַם האַרץ, ווי אַ פאַרוווּנדעטער. דער פילאָזאָף האָט געשמײכלט. ער האָט געזאָגט:

„אין זיכערע הענט. יענער וועט עס דיר אײגנהענטיק אומקערן."

קין-פּאָ האָט קוים אַרויסגערעדט:

„לאַאָ-שען?"

דער פילאָזאָף האָט געענטפערט:

„נײן, אַן אַנדערער, אַ ווײַכערער..."

פון הינטער אַ שירעם איז פּלוצלונג אַרויסגעשפּרונגען די יונגע אַלמנה, אַ צאַרטע, אַ ליכטיקע, אַ שלאַנקפּיסיקע, אַ צו־ציִענדיקע, און פון איר האָט געשמעקט דערזעלבער ריח, מיט וועלכן עס זענען געווען אָנגעפּילט אירע פיינע אינטימע צימערלעך...

זי האָט געהאַלטן אין האַנט אַ פּאַפּירל און האָט עס אים, אַ צעמישטן, צוגעטראָגן צו די אויגן.

אין זאַל האָט פּאַרקלונגען איר זילבער־שטימעלע:

„אָ, מיין עלטערער ברודער, וואָס שטייט דאָ געשריבן? וואָס איז עס פאַר אַ פּאַפּיר?"

קין־פּאָ האָט דערקענט זיין כּתב.

דאָס איז געווען דאָס פאַרשאָלטענע נאַרישע פּאַפּירל, וואָס האָט אים צוגענומען אַזויפיל געזונט און לעבן.

ער האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף דער יונגער אַלמנה און האָט זי איינגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס. די פריינט האָבן זיך אָפּגעקערט, און דער פילאָזאָף האָט שטיל געשעפּטשעט צו זיי:

„ווילט איר זען עכטע ליבע און ליידנשאַפט? אָט איז עס... מען טאָר אָבער נישט קוקן..."

שפּעטער האָט וואַנג אָנגעצונדן אַ ליכטל און אויף זיין בלאַסן פּלעמל האָט קין־פּאָ, אינם קרייז פון זיינע פריינט און כּלה, פאַרברענט אויף אַש דאָס פּאַפּירל.

עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ שמחה מיט כּלערליי ווייַנען און מיט די בעסטע פּאַטראַוועס און מאכלים, וואָס מען קען נאָר קריגן אין דער הימלישער אימפּעריע.

מען האָט געהוליעט, געטרונקען און געלאַכט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

אַזוי ווי קין־פּאָ איז געוואָרן צוריק אַ גליקלעכער, דאָס מזל האָט זיך פונדאַסניי אומגעקערט צו אים, האָט זיך גראָד

געמאַכט אַזוי, אַז מען האָט בטול געמאַכט אין לאַנד דעם טרויער און דער שאַנכאַיער עושר האָט שוין געקענט און געמעגט חתונה האָבן.

די שיינע יונגע אַלמנה האָט איבערגעטראָגן דעם צאַרטן ריח פון אירע חדרימלעך אין דעם גרויסן שאַנכאַיער פּאַלאַץ...

און עס האָט זיך אָנגעהייבן אַ לעבן פון עשירות, גליק און שמחה.

קיין שום בן אָדם אין דער וועלט האָט זיך נישט גע-קענט פאַרגלייכן צו קין-פאָ. ער איז איצט געווען דער גליקלעכ-סטער אין דער הימלישער אימפּעריע.

די גאַנצע הימלישע אימפּעריע האָט געקלונגען מיט דער-דאָזיקער חתונה און עס האָט זיך אָן אויפהער געגאָסן גאָלד און ווײַן, ווײַן און גאָלד...